און סאַניע ליבערגאל. דאס געשעפט איז געווען הורט און לאחדים. אין געשעפט פלעגן איינקויפן קרעמער פון דער גאנצער געגנט און אלע חתונה־קליידער האט מען איינגעקויפט ביי ערענבערג און ליבערגאל, לייב לונענפעלד, זלמן הויזנער און משה ווײדבערג.

נאך דער ערשטער וועלט־ מלחמה, בעת עס האט אין רוסלאנד געהערשט א גרויסער מאנגל אין טעקסטיל, זענען אין סקאלע אויפגעקומען א צאל נייע מאנופאקטור־סוחרים: ברוך טאבאק, מאיר זיסיע טאבאק, טודרוס צימערמאן, מענדל פייערשטיין, חיים פייערשטיין, דודי שרענצל, נחמן ברעטלער, שלמה ווײדענפעלד, די ברידער מאטיע און משה ווײדבערג, מענדל עהרנבערג, מיכל ווײזינגער, יעקב יוסעם, פישל גארפינקל, לייב שטאכיל, פייביש וויזענטאל, מעשיל קאהן, אברהם געלבשטיין, חייציע יאטשעס, הערשל עדלשטיין, ברוך אלינגער, שלמה לעמבערג.

אייזן געשעפטן: ר׳ עוזר מארמאראש האט געפירט א גרויס אייזן־געשעפט הורט און לאחדים. אויסער דעם האט ער געהאט פארטרעטונגען פון ווין, פראג, ברין פאר פארשיידענע דעליקאטע, לייכטע און טייערע סחורות וואס מ׳פלעגט קויפן צו שמוגלען קיין רוסלאנד. די שמוגלער פלעגן קויפן ביי אים די סחורות אויף בארג און ער פלעגט גוט פארדינען דערביי. ער איז געווען א וואזשנער נגיד. יעדן פרייטיק פלעגט ער גאנץ פרי שוין ווארטן אויף דער פאסט און אפשיקן אלע געלטער. אז פרייטיק נאך מיטאג איז צו אים געקומען אן ארעם קרעמערל בעטן עטלעכע קראנען, וואס אים איז נעבאך נישט דערגאנגען צו זיין צאלונג, פלעגט ער אים צום גמילות חסדים זאגן א פארציע מוסר ־ ס׳טייטש, ווי איז א מענטש אזא שלימזלניק: אז מ׳דארף גיין ליכט בענטשן, גייט ער ערשט אויף דער פאסט. הלמאי ער האט שוין גאנץ פרי, א זייגער 8, אלע זיינע צאלונגען עקספעדירט. ער איז אויף דער עלטער אוועקגעפארן קיין ארץ ישראל.

אויך ר׳ מנחם שיף האט געהאט א גרויס אייזן און בלעך־געשעפט. ער פלעגט באשטעלן אייזן און בלעך וואגאנענווייז און פלעגט פארקויפן הורט און לאחדים צו דער גאנצער געגנט. ער איז געווען אן איידעם פון הרב ר׳ אברהם דרימער ז״ל.

אייזן־געשעפטן האבן אויסער זיי אויך געהאט: הערשל וויינטרויב מיט זיין איידים מענדל בראנדעס, אליהו דאלינער, בנימין רובל און משה דאלינער.

זיידע שווארצבאך האט געהאט א גרויס געשעפט פון בוי־האלץ. ער האט אויך געפירט גרויסע מסחרים מיט שטיינער און שטיינדלעך, וואס ער האט געליפערט צו דער רעגירונג און צו דער באן־דירעקציע. די מסחרים האט ער געפירט בשותפות מיט זיין איידים בנציון פידערער. זייערע ליפערונגען האבן געגרייכט קיין סטאניסלאוו, טארנאפאל און זלאטשאוו.

האלץ־געשעפטן האבן אויך געהאט משה וואסערמאן, בשותפות מיט זיין זון אליעזר. אויך יעקב וואסערמאן האט געהאט א האלץ־געשעפט. זיי זענען נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה נתעשר געווארן פון די האלץ־מסחרים.

גאר א סך יידן אין סקאלע פלעגן האנדלען מיט רוסלאנד, דארט געקויפט תבואה און אנדערע פראדוקטן, אבער די סוחרים האבן קיין געלט צו

זייער מסחר נישט געהאט, פלעגט יעדער סוחר לייען ביי א חלפן רוסישע רובלס. חלפנים האבן געקויפט און פארקויפט רובל. פלעגן די קליינע סוחרים יעדן זונטיק נעמען רובל וויפל יעדער האט געדארפט און איבער דער וואך האנדלען אין רוסלאנד און פרייטיק פלעגן זיי ברענגען די סחורה קיין סקאלע צום צאלאמט און באצאלן, די סחורה פארקויפן און אפצאלן דעם חלפן פאר די רובלס וואס זיי האבן זונטיק גענומען. א טייל פון די סוחרים פלעגן ברענגען קלייען וואס איז געווען צאלפריי, און פלעגן די קלייען פארקויפן צו די גוט־אייגנטימער אדער גוט־פאכטער וואס פלעגן פעט־מאכן בהמות. מאנכע סוחרים פלעגן ברענגען גענדז און פארקויפן.

ארטיקע תבואה־סוחרים זענען געווען איציקל גערטלער, בערל ביטערמאן, איצי געלבארד, זלמן הערשער (ריינים) נתן הערשער, דוד אלי ווידנפעלד, ברוך פריש (יונה אברהמ׳ס) משה אפרים מענטשעל, יעקב בער טראסאוואוצקי, זיידע ווינגאסט מיט זיין זון מאטיס, יונה שור, מיכל יעגנדארף, פישל געמיינערמאן און אנדערע.

זיי האבן איינגעקויפט די תבואות ביי די פויערים, וואס האבן דאס געבראכט אין שטאט אריין; א קליינער טייל פלעגט גיין אין דארף אריין דארטן אויפצוקויפן די פראדוקטן.

פישל געמיינערמאן איז געווען א רוסישער און זייער א קלוגער. ער פלעגט האנדלען מיט׳ן פוילישן גלח, וועלכער איז געווען א פארביסענער אנטיסעמיט און האט נישט געקאנט קוקן אויף א יידן. טראץ דעם האט ער נישט געוואלט פארקויפן זיין תבואה דעם ״קולקא ראלניטשע״ (א פוילישער קאאפעראטיוו) ווייל זיי האבן אים נישט געוואלט צאלן, פלעגט ער פארקויפן זיין תבואה פישל געמיינערמאנען.

סוחרים פון פארטיקע מלבושים אין סקאלע זענען געווען: עובדיה שווארצבאך מיט זיינע צוויי זין הערשעלע און יענקעלע, אברהם יעגנדארף מיט זיין זון שמחה און שפעטער זיין איידים יצחק (מיצי) פוס, שמואל לייב ווייסמאן, און שפעטער זיין איידים שמואל העשעלעס, הערשל אויערבאך מיט זיין זון יעקל און איידים ישראל אפפעלבוים, בעריש פלאט, מאיר שאטנער און יוסף בלוטשטיין (רייכלס). די פארטיקע מלבושים פלעגן מערסטנס פארקויפט ווערן אויף ירידים אין שכנותדיקע שטעטלעך, מאנטיק אין בארשטשעוו, דינסטיק אין מילניצע, אדער פראבוזשנע, מיטוואך אין אזיעראן, אחוץ דעם שטאטישן יאריד אין סקאלע, און דאנערשטיק אין קאראליווקע. מיכל גאטעספעלד (טקאטש) מיט זיין ברודער שמואל גאטעספעלד (פאטער פון באוואוסטן אמעריקאניש־יידישן שריפטשטעלער און דראמאטורג חנא גאטעספעלד) פלעגן האנדלען מיט געוואנט און פארקויפן די סחורה אויף יארידים.

לעדער געשעפטן האבן געהאט: יוסף יאגיט, משה דוד שווארצבאך מיט זיינע זין מרדכי און וועלוול, דוד זאמער מיט זיין זון אלטער, שמעון שטערנשיין (נתנ׳ס) מיט זיין זון נתן, בנימין גאטעסמאן, דוד פיש, איציק לייב וואלאך, זכריה וויזענטאל מיט זיין איידים אביש שטערן, און משה ווינפעלד.

גאלאנטעריע־געשעפטן (צעלניק) האבן געהאט, פאר דער ערשטער

וועלט־מלחמה, די ברידער פרענקל, אברהם און פייוויש, די ברידער מענדל און חיים פייערשטיין, און נאך דער מלחמה: זיסיע פיינזילבער בשותפות מיט זיין שוואגער מאטל גאלדשיין; חיים ראפאפארט, ישראל לייב פרייפעלדער, לייב גאטליב און אנדערע.

שפייז־קראמען (שפיצערייי) האבן געהאט, ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, סענדער טאבאק, שלום ליבערגאל, און יוסף ווידמאן. נאך דער מלחמה: ירחמיאל קאסירער, שלמה וויינרויב (אלטער׳ס), מענדל שניצער, ישראל פעקער, מאיר קרייטנער, חיים יעגנדארף, שאול באסיק, מרים־ביילע קאסירער, חיים לייבאוויטש, יצחק מאן, עוזיאל שטאק, מאקס שטערנבערג, מנחם פרעשל און אנדערע.

אכסניהס, שענקען, קאנדיטארייען. אויף וויפל עס געדענקט זיך האט סקאלע געהאט די פאלגנדע אכסניות (גאסטהייזער): טויבע מירל שווארצ־באך, מאליע ווייזינגער, דבורה לייבאוויטש און רייזיע פידערער. שענקען האבן געהאט: משה יעגנדארף, ישראל קאסירער, נתנאל (סאניע) קעלמאן, די ברידער גאלדהירש, און אנדערע.

קאנדיטארייען (צוקערניעס) האבן געהאט: איציע זאנדבערג, נחום עלקעס, מענדל קעלמאן און אברהם זאנדבערג (איצט אין ארגענטינע). די קאנדיטאריי פון איציע זאנדבערג איז אויך געווען א מין יוגנט־קלוב. דארטן פלעג זיך צענויפקומען יונגוואַרג עסן "ליאדי" (אייזקרים), טאָרטן, קרעם־אויפשניטן און אנדער נאשוואַרג, און דערביי פירן היציקע דיסקוסיעס וועגן פאליטיק, קולטור־פראגן, און באהאנדלען די פראבלעמען פון ארץ ישראל. פון די צוקערניעס פלעגן יידן זיך באזארגן מיט סיפאנען סאדע־וואסער, בעיקר לכבוד שבת נאכ׳ן קוגל.

## בעלי מלאכה

שניידערס: משה מייזלמאן (ישראל זעליג׳ס) איז געווען דער בעסטער דאמען־שניידער, נישט בלויז אין סקאלע נאר אויך אין דער גאנצער געגנט. אנדערע דאמען־שניידערס זענען געווען: דניאל שיסלער (עמיגרירט מיט זיין משפחה קיין ארגענטינע). שלמה שינדלער, אסתר שאטנער, סאסיע הערשער, און אנדערע.

יעקב יאסיע וויינרויב איז געווען אן אויסגערופענער מענער־שניידער. אנדערע מענער־שניידערס זענען געווען: יוסף שניידער (חיים בער׳ס) שמואל (חאסיעס) שניידער מיט זיין אידים יעקב צייכנער, אברהם וויינרויב, שיקע קליינמאן, משה וויינרויב, זיידע און אברהם שיצער, יצחק קרעסל (דעם נאכשטעלער׳ס אידים), יעקל רופא, מאטל וויינרויב, מענדל באסיק, אברהם פליישמאן, מרדכי לייב קירשנער (טשאקאלאדע), משה גאטעספעלד, חיים שווארצבאך, שמואל שווארצבאך, מענדל שניידער און אנדערע.

שוסטערס: אברהם שיצער, טודרוס שיצער, ראובן שוסטער, אברהם באסיק, מרדכי באסיק, יהושע הערש באסיק.

בלעכערס: יוסף הערצאג, איציק זאנדבערג (דער איוואנקאווער), יואל עפשטיין, שלום עפשטיין, ראובן זאנדבערג, און אנדערע.
סטאליערס: אברהם ראבינאוויטש, נחמן רעליס, יוסף ראצעס (משה יונה׳ס) איציק ווייטמאן, ישעיה בלוטשטיין, און אנדערע.
שלאסערס: מרדכי קרעמעניצער, אברהם קיסילעווסקי, (אליהו קירזשנערס איידים), יעקב שווארצבאך (שלום׳ס).
גלעזערס: שמשון גאטעספעלד, עזריאל גאטעספעלד, שמעון שניידער, פייוול גאטעספעלד.
בעקערס: משה מאזנער און זיין זון לייביש, יידל ברענער, איציקל העכטנטאל, (בערעזשאנקער) און זיין זון וועלוועל, אלי הערשער, הערש שווארצבאך (ישראל שמעונ׳ס) חיים לינדמאן, זיידע זילבערבוש.
כליזמרים: יצחק יעקב קליינמאן מיט זיין זון יונה, און אנדערע אין זיין קאפעליע.

## דער חסידישער וויצע־ביירגערמייסטער

אין סקאלע איז געווען א געמישטע באפעלקערונג. ווי שוין געזאגט האבן אין שטאט געלעבט קרוב צו צוויי טויזנט יידישע נפשות און בערך אזא צאל אוקראאינער און פאליאקן. צווישן די נאציאנאליטעטן האט געהערשט א לאנגער ״בורג־פרידן״. ס׳איז געווען אין די אינטערעסן פון דער רעגירונג אין ווין, אז עס זאל הערשן שלום און רו, לטובת דער אינערלעכער פאליטיק און דער ווירטשאפט פון לאנד. אזוי ביז צום אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג.



וולף־איציק פרייפלדר, סגן ראש־העיר בתקופה שלפני מלחמת העולם הראשונה.

*Woolf Itzik Freifelder, vice-mayor of Skala prior to World War I*

אזוי לאנג ווי עסטרייך האט נאך עקזיסטירט, האבן די יידן כמעט נישט געפילט קיין אנטיסעמיטיזם און זיי האבן גוט געלעבט מיט דער קריסטלעכער באפעלקערונג.
אין דער שטאט־פארוואלטונג פלעגן זיין פארטראטן אלע דריי נאציאנאליטעטן. עס פלעגט תמיד זיין אן אוקראאינישער בירגערמייסטער און א

יידישער וויצע־בירגערמייסטער. ער איז געווען א הייסער וויזשניצער חסיד, זייער א קלוגער און דערצו א גאר גוטער פאליטיקער; ער האט געפירט די גאנצע שטאט־פאליטיק און איז תמיד געווען א חשוב ביי די באצירקס־באאמטע.

## חסידים, רבנים און זייערע "קעמפענדיקע" צדדים

סקאלע איז געווען א חסידיש שטעטל. עס זענען געווען וויזשניצער חסידים, טשארטקאווער, הוסיאטינער, אטיניער, האראדענקער, און קאפיטשיני־צער. די טשארטקעווער און וויזשניצער חסידים האבן געהאט זייערן א רב און זייערן א שוחט. דער וויזשניצער צד איז געווען שטארקער און געהאט אלס רב, ר' אברהם דרימער ז"ל, דער זון פון הרה"ג ר' שלמה דרימער וואס איז געווען א סך יארן רב אין סקאלע. ער איז געווען דער מחבר פון דעם ספר שאלות ותשובות "בית שלמה". דער ספר איז גוט באקאנט אין דער רבנישער וועלט. נאך דער פטירה פון הרה"ג ר' שלמה דרימער, האבן די וויזשניצער חסידים אויפגענומען זיין זון ר' אברהם. ער איז געווען א גרויסער למדן, האט געלערנט טאג און נאכט. אין סוף פון ניינצטן יארהונדערט האבן די טשארטקאווער חסידים זיך מיישב געווען - זיי זענען דעמאלט נאך געווען שוואך - זיי ווילן כאטש א דיין, און זיי האבן פון בערעזשאן אראפגעבראכט הרב יהודה בנימין לויפער, אלס דיין. דא האט זיך אנגעהויבן דאס אמתע מחלוקת. יעדער צד האט געמיינט אז ער איז גערעכט.

זענען אויך געווען צווייערליי שוחטים. איין צד האט נישט גענוצט דאס פלייש פונעם אנדערן צד, ווי אויך נישט גענוצט דאס געשיר פונעם צווייטן צד, און בידע צדדים זענען זיך געווארן בלוטיקע שונאים. עס איז אפילו דערגאנגען ביז מסירות און פעטש.

די מחלוקה צווישן די צדדים האט אנגעהאלטן גאר לאנג, נישט בלויז באזונדערע רבנים און שוחטים, נאר אויך באזונדערע קלויזן (בתי תפילה) האבן די חסידים געהאט, און אוודאי און אוודאי אייגענע שמשים.

## בתי המדרש, חברה קדישא און די שמשים

סקאלער יידן האבן מתפלל געווען אין א גאנצער ריי פון בתי תפילה און מנינים, יעדער איינער לויט זיין חסידישער נטיה, אדער סאציאלן שטאנד. געווען צוויי טשארטקאווער קלויזן און א סטריסיווער קלויז.ביידע טשארטקאווער קלויזן זענען חרוב געווארן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. בלויז איינע , די "נייע" איז ווידער אויפגעבויט געווארן. מתפללים פון דער אלטער טשארטקאווער קלויז האבן נאך דער מלחמה געשאפן א באזונדערן מנין אין הויז פון באקאנטן שטאטישן גביר און טשארטקאווער חסיד ר' שמריהו מעלצער.

די וויזשניצער קלויז, וואס איז אויך צעשטערט געווארן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז שוין מער נישט צוריק אויפגעבויט געווארן. די מתפללים (וויזשניצער חסידים) האבן געשאפן א וויזשניצער מנין אין הויז פון הרב

דרימער; א טייל האבן אויך געדאוונט אין דער אטיניער קלויז. אין די מיטעלע דרייסיקער יארן איז געשאפן געווארן נאך איין וויזשניצער מנין אין הויז פון ר׳ וועלוול שטאק.

אחוץ דעם האבן יידן מכל המינים געדאוונט אין שטאטישן בית המדרש, אין איציקס קלייזל, און אין דער ״פארט ארטור״ שול.

די גרויסע שטאטישע שול, וואס האט געשטאמט נאך פון 16טן יארהונדערט איז אפגעברענט געווארן אין יאר 1911. אויף אירע חורבות האט מען אנגעהויבן בויען א נייעם בנין, וואס איז, אבער, קיינמאל נישט פארענדיקט געווארן. עס זענען אויפגעשטעלט געווארן מאסיווע שטיינערנע ווענט, מיט הויכע האלב־רונדע, פענסטער. דער בנין איז געבליבן א נישט־פארענדיקטער. אינעווייניק, צווישן די דיקע ווענט, האט מען בלויז אויפגעשטעלט א קליין ״שולעכל״, אין וועלכן ס׳האבן געדאוונט פשוטע יידן.

אז עס זענען געווען בתי תפילה, זענען אויך געווען שמשים. אט איז דאס צעטל: חנינא שמש (אויף דער עלטער איז ער געווען א נאמן ביי ר׳ זיידע שווארצבאך ביי זיינע מסחרים פון בוי־שטיינער). אברהם אלי שמש פון דער שול, אהרון שמש פון בית־מדרש, בערל שמש פון דער סטריסעווער קלויז, לייזער שמש און זיין זון שלמה פרץ פון דער טשארטקאווער קלויז, יוסל שמש פון דער וויזשניצער קלויז, און אורי שמש פון דער אטיניער קלויז. אין סקאלע זענען די שמשים אויך געווען סערווירערס (קעלנערס) אויף אלע שמחות ביי יידן: חנינא שמש פלעגט הארעווען ביי א חתונה, ער האט געהאקט די פיש, דערנאך סערווירט. נאך דער סעודה פלעגט ער בעטן מ׳זאל אים געבן א ביסל סמעטענע צו עסן; ער האט געוואלט ווייזן, אז ער האט נישט טועם געווען פון דער פליישיקער סעודה.

די שמשים זענען אויך געווען אין דער חברא קדישא. אז מ׳פלעגט פרעגן ביי אברהם אלי שמש, וואס איז דער חילוק פון א חתונה ביז א לויה, האט ער געענטפערט: בראנפן טרינקט מען ביי ביידע, נאר אויף א חתונה גיט מען צו פארבייסן לעקאך און ביי א בר־מינן גיט מען צו פארבייסען קעז.

אברהם אלי שמש פלעגט אויך ליב האבן צו ״געבן א פלייצע״ אין באד פרייטיק מיט א בעזימל, בשכר א ״זעקסערל״. דער בכבודיקסטער פון אלע שמשים איז געווען שלמה פרץ, א בלינדער אויף איין אויג מיט אן עקזעמע אויף ביידע הענט. ער איז געווען א יודע־ספר און א בעל מוח חריף מיט אן אייזערנעם זכרון; ער האט געדענקט די יארצייטן פון אלע יידן אין שטעטל, און דעם ארט פון אלע קברים. ער איז אויך געווען דער סערווירער אויף אלע שמחות, און דער ראש פון די קברנים.

## שמוגלערס (״פעקלמאכערס״)
## בעלי־עגלות און טרעגערס

ווי א גרעניץ־שטאט האט סקאלע, פארשטייט זיך, אויך געהאט א צאל שמוגלערס (״פעקלמאכערס״, ווי מ׳האט זיי גערופן, אדער ״פאטשקארעס״). דאס זענען געווען יידן ־ איינשטעלערס ־ שטארקע, געוואגטע, וואס האבן, לפנים, נישט מורא געהאט פאר סכנות. אוודאי זענען זיי געווען אן אומבאדייטנדע

מינדערהייט צווישן די הארעפאשנע אידן. אט די דאזיקע "פעקלמאכערס" פלעגן אריבערשמוגלען כלערליי סחורות פון דער עסטרייכישער זייט גרעניץ קיין רוסלאנד און אויך סחורות אויף צוריק. דאס שמוגלעריי האט אריינגעבראכט רווחים, ווייל עס זיינען דאך נישט אפגעצאלט געווארן די גרעניץ־טאריפן (צאל־טאקס) פאר די סחורות, וואס זענען אריבערגעשווארצט געווארן אהין און צוריק. אמאל פלעג צווישן די "פעקלמאכערס" אויסברעכן א סכסוך מחמת קאנקורענץ און אנדערע טענה־מענה׳ס - וואס פלעג דערפירן צו בלוטיקע געשלעגן, געריכטס־פראצעסן און תפיסה. די "פעקלמאכערס" פלעגן, על פי רוב, זיין "פארבונדען" מיט די גרעניץ־וועכטערס פון ביידע זייטן (דורך גיבן שוחד). אויב ס׳איז נישט געלונגען אונטערצוקויפן די גרעניץ־וועכטערס איז נישט איינמאל אויסגעקומען צו פירן מיט זיי א "שלאכט".

די "פעקלמאכערס" פלעגן אויך אריבערשמוגלען פון רוסלאנד צו דער עסטרייכישער זייט גרופעס יידן, וואס זענען אנטלאפן פון "פאניען", פון צארן־לאנד און האבן זיך געלאזט אין וועג אריין אין פארשידענע לענדער, בעיקר קיין אמעריקע. באזונדערס פלעגן זיך אריבערפעקלען קיין עסטרייך רוסיש־יידישע יונגעלייט, וואס האבן נישט געוואלט דינען אין דער צארישער ארמיי.

ווי געזאגט, די "פעקלמאכערס" זענען געווען פאראארטעווועטע לייט. אז עס איז צווישן זיי אויסגעבראכן א סכסוך, איז גאר קיין אפשטעל נישט געווען. ס׳איז אפילו געשען א מארד. דער דאזיקער פאל, דער משפט פון רוצח און דער תפיסה־אורטייל אויף לאנגע יארן, האט שטארק אויפגערודערט די קהילה און האט געהאט א שטארקן אפקלאנג אין דער גאנצער סביבה.

סקאלע האט אויך געהאט א צאל בעלי־עגלות און "פיאקערניקעס".

זיי פלעגן פירן פאסאזשירן צו און פון דער באן־סטאנציע און אויך צו די שכנותדיקע שטעט און דערפער.

זיי, די בעלי־עגלות, אויך טרעגערס, זענען געווען פארביקע פאלקס־געשטאלטן. די טרעגערס האבן, על פי רוב געארבעט אין די פארשידענע תבואה־מאגאזינען, הורטאווע סקלאדעס און געשלעפט שווערע משא׳ס אויף זייערע פלייצעס.

זיי זיינען געווען ספעציאליסטן אין זייער פאך, זיי פלעגן אויך ארבעטן ביי דער באן, ביים פארלאדן תבואות, וואס מ׳האט געבראכט פון רוסלאנד.

איינער פון זיי האט געהייסן אברהם בינימעי. (דער צונאמען האט זיך גענומען פון דער אוקראינישער שבועה "ביהמע" (כ׳שווער ביים אייבערשטן). ער פלעג ארומגיין אין ברייטע הויזן. אז מ׳האט אים געפרעגט צו וואס ער דארף אזעלכע ברייטע הויזן? פלעג ער ענטפערן: "ברייטע הויזן זענען געזונט פאר די פיס און געזונט פאר די הויזן".....אנדערע טרעגערס זענען געווען שלום טרעגער (באסיק) משה לעוונקראן (דער נדן) שיקעלע טרעגער (גערבער), בנציון שוסטערמאן (דער גאדיעכעס), יאסל גאטעספעלד (שמעיה׳ס) יאסל שניידער (דעם קוימענקערערס), בערל קראנשטיין (כדרלעמר) בערל מאלאמוט (מישקע לאה׳ס), אהרון הערשער (באסיעס), מאקס קליינמאן, בנציון קליינמאן און אנדערע.

# דער פאליציאנט מיט בארד און פאות

ביי אונדז אין סקאלע האט פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה ״רעגירט״ א לאנגע צייט אין דער געמיינדע א יידישער פאליציאנט. משה יונה האט ער געהייסן. ער איז געווען א פרומער, ער פלעגט טראגן א לאנגע בארד מיט פיאות; ער פלעגט יעדן שבת אין דער פרי גיין אין מקווה אריין און זיך צעלאזן די גאנצע בארד מיט די פיאות, ווייל א גאנצע וואך איז ער געגאנגען מיט אן אונטערגעבונדענער בארד, און פארבויגענע פיאות, פארשפיליעט מיט הארנאדלען, און שבת פלעגט ער גיין מיט א לאנגער שווארצער קאפאטע, דאווענען אין שול אריין. אין דער וואכן פלעגט ער גיין אין אן אלטן אפגעטראגענעם מונדיר פון א זשאנדארם און אויך אין אַן אלטן זשאנדארמסקע היטל. ער פלעגט געוויינלעך גיין מיט א שטעקן. אז א זשאנדארם האט געדארפט גיין מאכן א רעוויזיע, פלעגט משה יונה מיטגיין; אזוי אויך, אז מ׳האט עמעצן געדארפט פארהאלטן, איז ער מיטגעגאנגען מיטן זשאנדארם. ער פלעגט גיין רופן, אז מ׳האט עמעצן געדארפט, אין דער געמיינדע אריין. ער פלעגט אויך צעטראגן אויפפאדערונגען פון דער באצירקס־הויפטמאנשאפט.

צו זיינע דינסטלעכע פונקציעס פלעג משה יונה טראגן א שווערד, וואס האט געהאט בלויז א הענטל. די אויפפאדערונגען פלעג ער האלטן אין דער אויבערשטער קעשענע פון זיין זשאנדארמסקע ראק. ער האט פארשטאנען וויאזוי אנצושרעקן אביסל די דעמאלטיקע נאאיווע סקאלער יידן.

משה יונה האט געקענט יעדן יידן אין שטעטל און האט דאס געהעריק אויסגענוצט. אז ער האט געטראפן א ייד נישט קיין חכם, פלעג ער זיך א טאפ טאן ביים קעשענקעלע וואו ער פלעג טראגן די איינלאדונגען, האט דער ייד פארשטאנען, אז משה יונה האט פאר אים עפעס א פאפירל מיט א צרה. איז ער שוין צוגעגאנגען צו משה יונהן און געפרעגט וואס אזוינס ער האט פאר אים; האט אים משה יונה געזאגט: ״אברהמל, האסט שוין עפעס אפגעארבעט א שטיקל״. דער איבערגעשראקענער האט משה יונהן אריינגערוקט א קרויץ אין דער האנט אריין און איז געווען זיכער, אז משה יונה וועט שוין די זאך גלאט מאכן, כאטש ער האט גארנישט געזינדיקט. אזוי זענען נעבעך געווען דעמאלט די פשוטע יידן אפגעשראקן און תמיד זענען זיי געווען אין פחד, טאמער האבן זיי געטאן עפעס אן עבירה.

אויב דער זכרון פארפירט מיך נישט, האט סקאלע אין איין צייט, פארמאגט נאך אן אנדערן יידישן פאליציאנט, וואס מ׳האט גערופן יידעלע קאפוסטע. ער האט געהאט בלויז א בערדל, א לאנג, צעשפאלטן שווערדל, און די ציצית האבן זיך געבאמבלט פון אונטערן אפגעבליאקעוועטן פאליציירעק מיט פארגרינטע־מעשענע קנעפ. דער לעצטער יידישער געמיינדע פאליציאנט אין סקאלע איז געווען אליהו מייזעלמאן (זיסעלס). ער האט פונקציאנירט ביז צום אויסברוך פון צווייטן וועלט קריג אין 1939.

אז מ׳האלט שוין ביי די דאזיקע טיפן, קאן מען נישט אויסלאזן נאך איין ״כאראקטער״־געשטאלט, וואס סקאלע האט געהאט, דהיינו דער ״אל־

באקענטער" ישעיהו־משה. דאס איז געווען א האלבער תם, א האלבער צעדרייטער, וואס איז אומעטום אויסגעוואקסן אין צייט: ביי חתונות, בריתן, לוויות. ישעיהו־משה, א ברייטפלייציקער, א נידעריקער, מיט א קאלטענוואטער בארד, פלעג זיך אויפהאלטן וואו ס'איז אים אויסגעקומען אין באשטימטע טעג, אין מרחץ, אין פאליש פון שול, און אמאל, בעיקר זומער, אויפן בית עולם, אין טהרה שטיבל. ער איז צומייסט געווען א שווייגער, אבער האט ער געעפנט דאס מויל, האט ער געקאנט מאכן א פיינעם "מי שברך" און א "יברכך". ער האט געזאמלט נדבות, עסנווארג אין זיין אייגענעם טעפל, און ערב שבת און יום טוב, שטיקלעך געפילטע פיש, חלה, ביי באלעבאסטעס וואס האבן אים דערלאנגט זיין "פארציע" מחמת רחמנות און אויך מורא..ווי משה יונה, האט אויך ישעיהו־משה געקענט אלעמען אין שטאט, געוואוסט אלע נייעסן, רכילות און כלומרשטע סודות. אמאל פלעג ער ברומען, אמאל אונטערזינגען און שמייכלען.....

## די ערשטע וועלט מלחמה;
## רוסישע אקופאציע און דער גירוש

ס'איז אויסגעבראכן דער ערשטער וועלט־קריג. פון דער מאביליזירונג אין אויגוסט 1914 ביז צום באזעצן סקאלע דורך די רוסן איז די שרעק געווען אויסערגעוויינלעך. מ'האט זייער מורא געהאט פאר די רוסישע קאזאקן, און עס איז געווען פאר וואס מורא צו האבן, ווייל די קאזאקן זענען באמת געווען זייער גרויסע מערדער. יעדער ייד האט געוואלט אנטלויפן. עס איז געווען א פאניק; די עסטרייכישע מאכט, די זשאנדארמעריע האבן נישט ארויסגעלאזט, און מיט גרויסע שוועריקייטן איז א קליינע צאל סקאלער יידן אנטלאפן. דאס רוב איז געבליבן אין סקאלע און נאך דעם ווי די עסטרייכישע ארמיי איז אריבער קיין רוסלאנד און געגאנגען ביז דינאוויץ און געליטן א מפלה איז די ארמיי צוריק געקומען נאך א קורצער צייט. דערנאך האבן די רוסן אן א שאָס באזעצט סקאלע. א מזל איז געווען, אז סקאלע האט די קאזאקן נישט געזען, ווייל דאס רוסישע מיליטער איז נישט געגאנגען איבער סקאלע נאר איבער הוסיאטין און עס האט געדויערט מערערע וואכן ביז די רוסן האבן באזעצט סקאלע, און דאס איז געשען נישט דורך מיליטער, נאר דורך אדמיניסטראטיווע באאמטן. מ'האט זיך פאוואליע צוגעוואוינט צו די רוסישע סאלדאטן און צו די רוסישע באאמטען און מ'האט אזוי געלעבט ביז אין זומער 1915. דעמאלט האט מען די יידן פון סקאלע ארויסגעטריבן, גלייך ווי אלע יידן לענגויס דער אלטער גרענעץ. עס האט געהייסן, אז מ'טרייבט אלע יידן קיין רוסלאנד. קודם איז מען געגאנגען קיין טשארטקאוו צו פוס און רוסישע קאזאקן זענען נאכגעפארן אויף פערד און געטריבן און געהיט, עס זאל חלילה א ייד נישט אנטליפן. אין טשארטקאוו האט מען אלע סקאלער יידן אריינגעטריבן אין הויף פון דעם טשארטקאווער רבין אויף נאכטלעגער. גאנץ פרי האט מען די יידן ווייטער געטריבן קיין קאפיטשיניץ. א פאר טעג שפעטער איז געקומען א באפעל קיין קאפיטשיניץ, מען זאל די יידן צוריקלאזן אהיים. אכט טעג שפעטער, האט מען ווידער געגעבן א באפעל, אז די יידן מוזן אוועק פון סקאלע, זיי

קאנען גיין וואוינען וואו זיי ווילן, נאר מינדעסטנס 8 קילאמעטער ווייט פון דער גרענעץ; איז קיין איינציקער ייד נישט געבליבן אין סקאלע. אזוי זענען זיך סקאלער יידן צעלאפן וואוהין מ'האט געקאנט און מ'האט דאס פארמעגן באהאלטן ביי די קריסטלעכע איינוואוינער פון סקאלע.

אזוי האט מען זיך אפגעמוטשעט בערך א יאר צייט אין דערפער און אין די נאענטע שטעטלעך און מען האט געוואוינט אין קליינע גוישע שטיבלעך און יעדער איז געווען אויף געהאקטע צרות. בעת דער צייט האט אויסגעבראכן א כאלערע־עפידעמיע און א סך מענטשן זענען אויסגעשטארבן (עטלעכע הונדערט סקאלער יידן).

נאך בערך א יאר צייט איז געקומען א באפעל, מ'זאל די יידן צוריקלאזן אהיים קיין סקאלע. דעמאלט זענען א סך יידישע הייזער געווען צעשטערט, די רוסישע סאלדאטן האבן פשוט צענומען די הייזער, באזונדערס די טירן, פענצטער, פאדלאגעס, און נאך ברענבארע מאטעריאלן האבן זיי גענומען צום הייצן. די בלעכענע דעכער האט מען גענומען אין די שוץ־גרובנס. נאטירלעך האט יעדער זיך באמיט, די צעבראכענע הייזער צו פארריכטן, און מ'האט, ווי ווייט מעגלעך, צו ביסלעך פאריכט די דירות, אבי מ'זאל ווי עס איז קאנען וואוינען. א סך בלעכן פון די דעכער האט מען מיט דער הילף פון פאליציי אפגענומען ביי איוואנקאווער גויים, אוקראינער. אזוי האט זיך דאס שטעטל סקאלע צוריק באזעצט יעדער אין זיין געוועזענער דירה.

## די רוסישע הערשאפט און יידישע פרנסות

ווי שוין דערמאנט איז סקאלע געווען באזעצט נישט פון מיליטער, נאר פון אן אדמיניסטראטיווער באאמטנשאפט. עס זענען געווען עטלעכע רוסישע פאליציאנטן, אן "אוריאדניק" און א פארטרעטער פון דעם "אויעזדני נאטשאלניק" (קרייז־אמט), וועלכער איז געווען אין בארשטשאוו. דער פארטרעטער האט געהייסן פידלער. איז געווען נישט קיין שלעכטער און עס האט זיך געפונען א ייד, וואס איז ביי אים געווארן א חשוב און פלעגט טאן א טובה ביים פריץ....

ביים אנהויב פון דער מלחמה איז אביסל געווען שווערלעך מיט פרנסה, אבער מיט דער צייט האט מען זיך צוגעפאסט צו די פארהעלטענישן. ווער עס האט געהאט א קראם האט אפגעלייזט פאר זיין סחורה; פלעגן קומען רוסישע יידן און באצאלן פאר יעדער שמאטע גאלד און זילבער, ביז די סחורות האבן זיך אויסגעלאזט. איז מען פון סקאלע געפארן אין אנדערע שטעטלעך און געקויפט "מן הבא ביד" און מ'האט אפילו די סחורה נישט אנגעקוקט, נאר מ'האט גענומען ריווח און יענער האט די סחורה ווייטער געפירט און ווייטער גענומען ריווח. עס זענען געווען פאלן, אז מ'האט געקויפט סחורות, וואס זענען גארנישט ווערט געווען און מ'האט גענומען ריווח לויטן חשבון 25־30 פראצענט. עס האט למשל געטראפן אז מ'האט געקויפט ליכט. דער לעצטער וואס האט אויפגעמאכט די קעסטלעך האט געפונען, אז די ליכט האבן נישט קיין קנויטן.

עס האט זיך געפירט א גרויסער האנדל מיט ציגארעטן־פאפירלעך; אין עסטרייך האט נישט אויסגעפעלט דער ארטיקל, עס זענען געווען פיינע קוואליטעטן וואס מען האט אויפן ארט אויך פארקויפט, נאר עס פלעגן זיין שמאטע־פאפירלעך, וואס אין עסטרייך האט זיי קיינער נישט געוואלט אנקוקן, זענען זיי געלעגן יארן לאנג ביי די קרעמערס און זענען פאר דער צייט פארשימלט און צונויפגעקלעפט געווארן. אין רוסלאנד איז תמיד געווען א מאנגל אין ציגארעטן־פאפירלעך. אז עס האט זיך גענפנט די גרענעץ, האט מען צונויפגעזוכט ציגארעטן־פאפירלעך פון ארבע פינות העולם. און אז די פאפירלעך זענען דורכגעגאנגען עטלעכע הענט און יעדער האט גענומען א געוויסן פראצענט ריווח, האט מען די דאזיקע סחורה לסוף אין רוסלאנד ארויסגעווארפן.

עס זענען געווען ענלעכע פאלן מיט אנדערע סחורות. מ׳פלעגט למשל זוכן קליינע פיילן צו די שעטשקארניע־מעסערס. דאס איז געווען אין רוסלאנד גלייך מיט גאלד. פלעגט מען ארומפארן זוכן פיילן, נאר די קליינע פיילן זענען שוין נישט געווען, האט מען געקויפט שוסטער־פיילן און גרויסע פיילן און צום סוף זענען זיי געבליבן ליגן. דער עיקר, מ׳האט געדרייט פרנסה. דערנאך האט מען געפירט רוסישע סחורות צו די פראנטן. מ׳פלעגט פירן מעל, צוקער, זאלץ, שוועבעלעך, און טאבאק און אנדערע סחורות פון רוסלאנד קיין גאליציע. שפעטער, אז דער פראנט האט זיך איבערגערוקט, און גאליציע איז באפרייט געווארן פון דער רוסישער אקופאציע, האט מען געבראכט פארשיידענע קריגס־סחורות פון עסטרייך ווי פאפיר־שלייקעס, פאפיר טעשלעך, פאפיר־בענדלעך און פארשיידענע בראשן־שפילקעס, פאטשערקעס, און נאך אזעלכע זאכן, און מען האט אנגעהויבן צו האנדלען מיט די סחורות קיין רוסלאנד, וואס איז ביז אדעס געווען אקופירט פון די עסטרייכער. די סחורות פלעגט מען אריבערפירן קיין אדעס, און קיין אומאן. עס פלעגן קומען יידן פון קיעוו, בערדיטשעוו און א סך אנדערע שטעט און שטעטלעך און אויסקויפן די סחורות און געבן פראצענטן ריווח. עס פלעגן קומען יידן און בעטן: איך האב טויזנט קערבלעך, פאקט מיר אן סחורה פאר 1,000 רובל. דאס איז שוין געווען ביים סוף פונעם קריג, ווען די יידן זענען צוריקגעקומען קיין סקאלע.

## רעגירונגען בייטן זיך:
## אוקראינע, באלשעוויקעס, פוילן

מיטן צוזאמענברוך פון דער עסטרייכיש־אונגארישער אימפעריע, האט אין מזרח־גאליציע זיך פארמירט אן אוקראינישע (מערב־אוקראינישע) נאציאנאליסטישע, כלומרשט דעמאקראטישע מדינה...דאס איז געווען ביים סוף פון ערשטן וועלט־קריג אין 1918.

פון אט דער אוקראינע האבן יידן גענוג געליטן; אבער אזוי ווי יידן האבן געדארפט פרנסה און עס איז געווען א מאנגל אין נאפט אין רוסלאנד און אויך אין גאליציע, האבן יידן אנגעהויבן האנדלען מיט נאפט. מ׳האט געמאכט שותפות מיט גוים אוקראינער ווייל מ׳האט געדארפט פארן ברענגען דעם נאפט

פון באריסלאוו אדער פעטשעניזשנע, און אזוי ווי אן א דערלויבעניש פון דער אוקראינישער מאכט האט מען נישט געקאנט ארויספארן, האט מען ארויסבאקומען א דערלויבעניש׳ אויף א גויישן נאמען צו ברענגען נאפט. אזא דערלויבעניש האט מען ארויסבאקומען פון דעם אוקראינישן מיניסטעריום אין סטאניסלאוואוו. מ׳האט געבראכט נאפט ציסטערנעסווייז.

ווי מ׳האט דורכגעפירט דעם נאפט ביז סקאלע מיט דער באן איז שווער צו דערציילן. די באן־סטאנציעס זענען געווען הפקר, יעדער באאמטער פון א סטאנציע האט געהאט א דעה, לאסט־צוגן האבן נישט קורסירט, נאר פאסאזשירן־צוגן, און די פאסאזשירן־צוגן זענען נישט געגאנגען נארמאל. אז מען האט געדארפט צוטשעפען א ציסטערנע צום פאסאזשירן־צוג, האט מען באצאלט דעם באן־שעף, האט ער געהייסן צוטשעפען די ציסטערנע צום פאסאזשירן צוג און האט דעם צוג דורכגעלאזט. נו, האט דער צוג־פירער אויך געדארפט פרנסה, ער האט געטענהט אז עס איז צו שווער פאר דער מאשין, ער קען די ציסטערנע נישט מיטנעמען, האט מען אים אויך באצאלט. דערנאך האט מען געמוזט אויף יעדער באן־סטאנציע אריבערגיין היטן מען זאל די ציסטערנע נישט אפטשעפען און איבערלאזן אויף דער סטאנציע, ווייל עס פלעגן פארקומען אזעלכע זאכן. דערנאך האט מען געמוזט פארן זוכן די ציסטערנע, נאך א מאל באצאלן דעם באן־שעף און דעם צוג־פירער, ביז מ׳האט ווייטער מיטגענומען די ציסטערנע.

אין סקאלע איז נאך דעמאלט די באן־סטאנציע נישט געווען פארריכט, האט מען די ציסטערנע געפירט נאר ביז טערעזין; קיין טערעזין זענען געקומען רוסישע יידן מיט פעסער און זיי האבן צוגענומען דעם נאפט קיין רוסלאנד.ביים נאפט האט מען פארדינט אן א שיעור געלט; נאך דעם ווי דער נאפט־מסחר האט זיך געענדיקט, האבן די סוחרים געהאט אזוי פיל געלט, אז זיי האבן עס נישט געקאנט איבערציילן. אבער די געלטער האבן צום סוף פארלארן זייער ווערט. א קליינעם טייל פון דעם געלט האט מען נאך געראטעוועט.

נאך א קורצן קריגס־פארמעסט צווישן דער ניי־אויפגעשטאנענער פוילישער מלוכה און דער מערב־אוקראינישער ״רעפובליק״, האבן פוילישע טרופן אינגאנצן פארנומען די געגענט און אוקראינע האט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

דער אריינמארש פון די פוילישע טרופן קיין גאליציע האט מיט זיך געבראכט א כוואליע מיט צרות אויף די יידן; פארפאלגונגען, איבערפאלן, א פאגראם אין לעמבערג, און אין אנדערע מקומות. מען האט געכאפט יידן צו שווערער אומריינער ארבעט, מען האט געשניטן יידישע בערד און פיאות, געווארפן יידן פון די לויפנדיקע באן־וואגאנען, און אנדערע נבזה׳דיקע רדיפות. די דאזיקע מעשים האבן אפגעטאן צומייסט די ״האלערטשיקעס״, סאלדאטן פון פאזנער (פאזנאן) געגענט, אונטער דער קאמאנדע פון גענעראל האלער.

נאך פראטעסטן, אריינמישונגען פון אויסלאנד און אויספארשונגס־קאמיסיעס האט זיך די לאגע אביסל איינגעשטילט.

* * *

און אט א נייע מעשה: אין זומער פון 1920,בעת דער אפענסיווע פון לעאן טראצקי און טוכאטשעווסקי אויף פוילן און גאליציע, האט סקאלע פארזוכט דעם טעם פון אריינמארש פון די באלשעוויקעס. דאס זענען געווען אפגעריסענע־אפגעשליסענע נישט־דיסציפלינירטע כאפטעס. די באלשעוויקעס זענען געווען אין סקאלע בלויז זיבן וואכן. מען האט פון זיי שווער געליטן. זיי האבן כלומרשט "קאנפיסקירט" דאס הייסט גענומען וואס נאר ס'האט זיך געלאזט, וואס עס איז זיי געפאלן אין אויג און וואס עס איז זיי געקומען אונטער דער האנט. "רעוואלוציאנערן" קעמפערס פאר א כלומרשט, נייער געזעלשטפטלעכער ארדענונג האבן זיי קודם כל גענומען, געשלעפט, מיט גוטן און מיט בייזן, אן א סדר, אפילו אן תירוצים, און אן רחמנות. נאך זיבן וואכן פון דער דאזיקער אקופאציע איז מען פון זיי פטור געווארן.

ווידער איז גאליציע ־סקאלע בתוכה־ געווארן א טייל פון דער פוילישער מלוכה. דער פוילישער איינגעווארצלטער אנטיסעמיטיזם האט געבושעוועט אפענערהייט און אמאל פארשטעלטערהייט, און ווידעראמאל פארקערט. נאר יידן מיען זיך פון תמיד־אן צוצופאסן צו א געשאפענער לאגע. וואס שייך סקאלע איז אויך די אייגענע מעשה: יידן האבן געפירט האנדל, קליין־קרעמעריי און זיך פארנומען מיט מלאכה. א צאל יידן האבן זיך פארנומען מיט היימישע אויסארבעטונגען, פעלצן, געוואנטן, פעלן, שטיוול און מיט די סחורות געפארן אויף ירידים אין די ארומיקע שטעט. מען האט אויך געפירט די אויסארבעטונגען אויפ'ן בארימטן לאשקעוויצער יריד.

מחמת די שווערע שטייערן, וואס מלכות־פוילן האט ארויפגעלייגט אויף יידן, רעפרעסיעס, כלערליי אנטיסעמיטישע אויסנאמס־געזעצן איז דער עקאנאמיש־פאליטישער מצב פון די יידן געווארן ערגער פון טאג צו טאג. אין סקאלע, למשל, (פונקט ווי אין אנדערע שטעט) איז די צאל ארעמעלייט צווישן עטלעכע געציילטע גרעסערע אדער קלענערע נגידים, כסדר געוואקסן. אנדערע האבן זיך געמוטשעט מיט דער פרנסה.

די שטודירענדע יוגענט ־ מיט אנטי־יידישע אויסנאמסגעזעצן אויף די פוילישע אוניווערזיטעטן ־ האט געהאט ווינציק אויסזיכטן אויף א בעסערער צוקונפט. מען האט געזוכט און זיך געמיט אויסצוואוואנדערן: קיין אמעריקע, צפון און דרום, און עס האט זיך אנגעהויבן ביסלעכווייז אן עליה קיין ארץ ישראל.

פונדעסטוועגן איז אין סקאלע, ווי אין אנדערע מקומות, אנגעגאנגען א לעבהאפטיקע קולטור־באוועגונג, פאליטישע פארטייען, חסידישע צדדים ־ יידן האבן זיך נישט מייאש געווען, נאר אנגעהאלטן א מעמד און זייער כבוד, ווי ווייט עס האט זיך געלאזט אונטער די אומשטענדן.

## אנהייב פון ציוניזם אין סקאלע; דער זיידע ארעסטירט אן אייניקל...

ביז'ן אנהייב פון צוואנציקסטן יארהונדערט האט ציוניזם כמעט קיין דריסת רגל נישט געהאט אין סקאלע ־א חסידיש־פרומע שטאט. און מיטאמאל האט אין סקאלע זיך באוויזן דער ערשטער ציוניסטישער רעדנער.

אן אייניקל פון ר׳ וואלף איציק פרייפעלדער (דער וויצע־בירגערמייסטער פון שטאט) ישראל לייב פרייפעלדער, וואס איז דעמאלט שוין געווארן א באוואוסטזיניקער ציוניסט, האט זיך באשעפטיקט מיט דעם אראפגעקומענעם רעדנער און זיך באמיט אים צו העלפן.

אין שטאט, צווישן די פרומע, איז געווארן א קאך, מ׳האט זיך געפלייסט צו שטערן דעם רעדנער און נישט צו דערלאזן צו פארזאמלונגען. וואס זשע האבן די חסידים און קעגנערס פון די ציוניסטן געטאן? דער רעדנער האט נישט געהאט קיין דערלויבעניש פון דער באצירק־הויפטמאנשאפט צו האלטן זיין רעדע, האט וואלף איציק פרייפעלדער געשיקט דעם געמיינדע־ פאליציאנט משה יונה ראצעס, ער זאל ארעסטירן זיין אייניקל, ישראל לייב, אין דעם געמיינדע־ארעסט. מ׳האט אים געלאזט איבערנעכטיקן אין ארעסט ביז אין דער פרי, דערנאך האט מען אים ארויסגעלאזט.



יהודי סקאלה חוגגים את יום הצהרת בלפור ב־1920.

*Celebrating Balfour Declaration Day, in 1920.*

צו ביסלעך האט זיך ארגאניזירט אין סקאלע א ציון־פאראיין (אזוי האט מען עס דעמאלט גערופן). און עס איז אויסגעוואקסן א געזונטע ציוניסטישע ארגאניזאציע, טראץ דער שטארקער קעגנערשאפט פון די חסידישע קרייזן.

בערך אין יאר 1909־1908 האט זיך געגרינדעט א העברעישע שול, צו ערשט מיט היימישע לערערס. דערנאך האט מען ארייגעבראכט צוויי לערער: איינער האט געהייסן טענענבלאט און דער צווייטער סיוואק. די קעגנער פון דער שול האבן געקערט וועלטן, סטייטש מען פירט די קינדער אראפ פון דרך הישר?! אבער עס האט גארנישט געהאלפן. די שול האט זיך אנטוויקלט.

אין דער צייט פון דעם ערשטן וועלט־קריג האט זיך די ציוניסטישע ארבעט אפגעשוואכט. סקאלע איז געווארן אקופירט פון די רוסן ביז אויגוסט 1917. נאך דעם קריג האט זיך די ציוניסטישע ארבעט צו ביסלעך ווידער אנגעהויבן און די ציוניסטישע פארטיי אין סקאלע האט באשלאסן איבערצונעמען די קהילה. דאס איז דעמאלט געווען די שטרעבונג פון אלע ציוניסטן אין גאליציע; מ׳האט אויסגעקעמפט א שווערע מלחמה מיט די חסידים, וועלכע האבן געהאט אין די הענט די קהילות אין גאליציע און האבן דארט רעגירט ביד־רמה.

א דאנק בעיקר פיר מענטשן, וועלכע זענען געשטאנען אין שפיץ פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע - ישראל לייב פרייפעלדער,משה פייערשטיין, מאטיע ווײַדבערג, און ב.צ. פידערער, איז געלונגען ביי די ערשטע וואלן צו וויילן א ציוניסטישן קהילה־ראט.

די ציוניסטישע ארגאניזאציע אין סקאלע האט אויסגעבויט א שיינעם און גרויסן "בית־עם". דאס איז צו פארדאנקען דער הילף פון אמעריקאנער "דזשאינט" און משה ווײַדבערג ז״ל, וועלכער האט זייער פיל געהאלפן ביים בויען דעם "בית־עם". דארט איז געווען א בית־ועד פאר דער יידישער יוגנט, פאר מיטגלידער פון אלע פארטייען, פאר קולטור און בילדונג, פאר דער העברייאישער "תרבות"־שולע און פאר דער ביבליאטעק.

## קהלישע אינסטיטוציעס און עסקנים

ארום יענער צייט האט מען געשאפן אין סקאלע א גמילת חסדים־קאסע און א פאלקס־באנק. די גרינדער און לייטער פון די צוויי אינסטיטוציעס זענען ווידער געווען די פיר עסקנים: ישראל לייב פרייפעלדער, משה פייערשטיין, מאטי ווײַדבערג און בן ציון פידערער.

די גמילת־חסדים־קאסע האט מען געגרינדעט אין אנפאנג מיט געלט, וואס מ׳האט אין סקאלע צונויפגענומען, דאן האט דער "סקאלער רעליעף־קאמיטעט" אין ניו־יארק געהאלפן. די גמילת חסדים־קאסע פלעגט העלפן מיט הלוואות, אן ציגזן שוואך־באמיטעלטע מענטשן.

די באנק האט מען געגרינדעט מיט דער הילף פון דעם "דזשאינט". פון אנהויב האט מען באקומען פונעם "דזשאינט" ווייניק געלט, אבער מיט דער צייט, נאך דעם ווי עס איז אוועק א יאר צייט, און עס איז געקומען א קאנטראל, האבן זיי געזען, אז מ׳פירט די קאסע אין בעסטער ארדענונג, האט מען אנגעהויבן שיקן מער געלטער, ביז עס איז געווארן אן אנגעזעענע פינאנץ־אינסטיטוציע אין שטעטל און עס האבן פון דער באנק נהנה געווען א סך סקאלער יידן. מ׳האט געגעבן הלוואות יעדן יידן ביז 600 זלאטעס. דאס איז דעמאלט געווען א שיינע סומע. נאטירלעך האט יעדער געגעבן צוויי זשיראנטן, כדי דאס געלט זאל זיין זיכער. ציגזן האט מען גענומען מינימאלע, עס זאל קלעקן אויף די הוצאות: דירה־געלט פאר דער ביורא און פאר דעם בוכהאלטער אאז׳וו. דאס האט געדויערט ביז צום צווייטן וועלט קריג. יעדעס יאר פלעגט קומען א קאנטראלער און האט קאנטראלירט די ביכער; תמיד איז געווען אלץ אין בעסטער ארדענונג.



ועד קופת גמילת חסדים. *Committee for "Free Loan Society."*

ביים אנפאנג האט מען געמיינט אין שטאט, אז די מענטשן האבן געמאכט א פריוואטע באנק פאר זיך. דערפאר האט וועלוול וואסערמאן אויך געמאכט א קאנקורענץ באנק און האט זיך אויך געווענדעט צום "דזשאינט", מען זאל אים שיקן געלט. דער "דזשאינט" האט נישט פארשטאנען וואס דא קומט פאר, זיי האבן געוואוסט אז מען האט ערשט נישט לאנג געמאכט א באנק אין סקאלע און פלוצלונג מאכט מען נאך א באנק; האבן זיי געשיקט א מענטש בסוד ער זאל זיך אין סקאלע אינפארמירן, ווער די ערשטע מענטשן זענען, וועלכע האבן געמאכט די באנק און ווער איז דער אנדערער טוער. נאך דער אינפארמאציע האט מען וואסערמאנען און זיינע שותפים (איך געדענק נישט ווער זיי זענען געווען) צוריקגעוויזן - איז געווארן אויס קאנקורענץ.

אין סקאלע איז געווען אן אלטער אפגעלאזענער בית־מרחץ. וואנעס פלעגט מען ניצן הילצערנע. א טייל זענען שוין געווען בלעכענע. אז מען האט געוואלט א וואנע, האט מען געמאכט אין שוויצבאד, און מיקאלע (דער באד־גוי האט געהייסן ניקאלע; דאס איז געווען די איינציקע באדינונג אין באד) פלעגט אנצאפן וואסער פון דעם קעסל און אנגיסן אין ביטל אריין. אויסטאן פלעגן זיך אלע יידן אין א קאלטער שטוב און צונויפלייגן דאס אנטועכץ אויף א באנק; א טייל האבן דאס אנטועכץ צוגעבונדן מיט א שטריקל, און א קלוגער פלעגט מיטנעמען א זאק אויף אריינצולייגן דאס אנטועכץ. א טייל יידן פלעגן די העמדער אויפהענגען אויף באלקנס פון שוויצבאד, זיי זאלן זיך אויסבריען אין דער היץ. דאס איז געווען א סגולה. דער בעדער ביז צום ערשטן וועלט־קריג האט געהייסן

הירש־וואלף, זייער א וואוילער, ארנטלעכער מענטש. אריינגיין אין שוויצבאד פרייטיק האט געקאסט 6 גרייצער. מיט א בעזעמל אפשמייסן האט אויך געקאסט 10 גרייצער.

נאכן ערשטן וועלט־קריג האט מען מיט דער הילף פונעם "דזשאינט" און מיט א ביישטייערונג פון די ארטיקע יידן, איבערגעבויט די גאנצע געביידע און איינגעריכטעט א מאדערן באד, מיט קאבינעס און פארצעלאן־וואנעס,מיט א שוויצבאד פון ערשטע און צווייטע קלאסן, מיט שאפקעלעך פאר דעם אנטועכץ און סאָפקעלעך צום אפרוען זיך, און א מקווה פון קאכל. א טייל יידן האבן געהאט א טענה, אז מען האט די באד איבערגעבויט און דער סופיט איז געווען פון בעטאן אן באלקנס, הלמאי מ'האט אפילו נישט קיין פלאץ וואו דאס קויטיקע העמד אויפצוהענגען...

אזוי בדרך כלל, האט אויסגעזען סקאלע, ביים טייך זברוטש, אין מזרח גאליציע, פאר'ן גרויסן בראנד און חורבן. ס'איז דארטן געווען א קאלירפולע, שעפערישע יידישע קהילה. בעת די רוהיקע יארן, אונטער דער עסטרייכישער מאנארכיע, פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז עס געווען א קהילה פון קענטיקער שפע און פרנסה. בעיקר, האבן יידן געניאסן פון בירגער־רעכט און פרייהייט, לויט דער קאנסטיטוציע.

נאכ'ן פונאנדערפאל פון דער עסטרייכישער אימפעריע, אונטער דער ממשלה פון פוילן, איז געקומען א קענטיקע ירידה אין א סך הינזיכטן. ס'האט זיך אויך פארשפרייט א ביטערער אנטיסעמיטיזם. דאך האבן סקאלער יידן - ווייטער אנגעהאלטן א מעמד, הגם א סך האבן זיך געראנגלט פאר זייער עקזיסטענץ, עקאנאמיש, פאליטיש און סאציאל.

אזוי, ביז'ן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, ווען די נאצישע אקופאנטן און זייערע אוקראינישע ארויסהעלפערס ימ"ש, האבן חרוב געמאכט די קהילה און פארשניטן די לעבנס פון די יידן. זאל דער אנדענק פון אונזערע מארטירערס, די קדושים, זיין געהייליקט אויף תמיד.

# II. השואה




גל־עד לזכרם של קדושי סקאלה והכפרים הסמוכים שהוקם ב־1976 בבית העלמין בחולון ע"י ארגון יוצאי סקאלה בישראל.

*Memorial tablet to the martyrs of Skala (and environs) dedicated in 1976 at the cemetery in Holon, Israel.*

# גדליהו לחמן



# כך הושמדה ונחרבה סקאלה

## א.

שני תאריכים יירשמו באותיות של דם ואש בתולדותיה של יהדות פולין: האחד בספטמבר 1939, שבו החלה השואה בקרב יהודי פולין המערבית, והעשרים ושנים ביוני 1941, התחלת כיבושה של פולין המזרחית בידי הגייסות הנאציים, לאחר 21 חודשי שלטון סובייטי בחבל ארץ זה.

לכיבושה של סקאלה בידי הצבא ההונגרי, ב־8 ביולי, קדמו שבועיים של פחד אין־אונים, חרדה לבאות ותקוות כמוסות שלא היה להן על מה להסתמך, ציפיה לניסים שלא התרחשו. כמה עשרות צעירים גויסו לצבא הסובייטי, תוך מחזות פרידה קורעים לבבות, כאילו ראו בני משפחותיהם, בעיני רוח, כי לא יתראו עוד בחיים. פקידי השלטון הסובייטי המקומי עזבו את העיירה ואליהם נתלוו אחדים מתושביה, אשר תפסו עמדות ומשרות רשמיות, או אהדו את המשטר וחששו מפני נקמתם של הגרמנים ותומכיהם מקרב האוכלוסיה האוקראינית. בהעדר מוסדות שלטון כלשהם, עלו על פני השטח האלמנטים השליליים, פורקי־עול, שודדים ובוזזים, אשר התנפלו על מחסני המצרכים, על

מבשלת־השכר ועל כל רכוש אחר שלא פונה. בעקבותיהם הלכו גם אכרים אוקראיניים הגונים, כביכול, וסחבו מכל הבא ביד. היהודים הסתגרו בבתיהם ופחד גדול השתרר בלבם. במקום ה״רייסובייט״ הוקמה מעין מועצה מקומית שהורכבה מנכבדים אוקראינים מקומיים, ואלה ציפו לבואם של ה״משחררים״ הגרמנים כדי לקבל מנוי רשמי מידיהם.

הצרות החלו מיד עם כניסתם של ההונגרים. אלה שנאו אמנם את האוקראינים אבל השתמשו בשירותיהם כדי להעביד את היהודים. פורסמה פקודה שעל כל היהודים הכשרים לעבודה להתייצב יום־יום לשם ביצוע עבודות שונות, ובעיקר — תקון הגשר על הנהר זברוץ׳ שפוצץ על־ידי הצבא הסובייטי הנסוג. ב־25 ביולי צוו ההונגרים על 15 יהודים, והרב יהודה דרימר בראשם, להתייצב בפניהם. את הרשימה סיפקו בוודאי האוקראינים אשר הכירו היטב את נכבדיה היהודים של העיירה. נדרש מהם לספק 50 ק״ג עור לסוליות, 10 עורות רכים שלמים, 10 זוגות מגפיים, 10 ק״ג קפה, 10 ק״ג פלפל ומצרכים שונים נוספים — וכל זאת תוך שעתיים. נלקחו בני ערובה והובהר לנציגות הנ״ל כי חייהם יהיו הפקר אם האולטימטום לא יתמלא כנדרש. להוותם נצטוו לכרות לעצמם קברים ומעשה זה פעל כמצופה. תושבי העיירה הוכיחו, כי בני ישראל ערבים זה לזה ואספו את הקונטריבוציה מרצונם הטוב, בהתנדבות וללא כפיה כלשהיא.

בשבוע האחרון של חודש יולי היו יהודי סקאלה עדים לאסונם של אחיהם, תושבי מחוז רוטניה הטראנסקארפאטית, שסופחה להונגריה לאחר פרוקה של צ׳כוסלובקיה ואשר לא היו אזרחי הונגריה לפי הסכם טריאנון. אלפי יהודים על זקניהם וטפם גורשו מישוביהם והובלו — רעבים, צמאים ומעונים בידי נוגשיהם, לעבר הגבול הפולני־הסובייטי לשעבר, הנהר זברוץ׳. האכרים והשוטרים האוקראיניים התעללו בהם ללא־רחם, שדדו שארית מטלטליהם והריצום כשהם מעולפים מהחום ומאפיסת כוחות, לעבר העיירה אורינין ועיר המחוז קאמיניץ־פודולסק, שתיהן באוקראינה הסובייטית, במרחק של 20־30 ק״מ מזרחית מסקאלה. יהודי סקאלה התגייסו לעזרתם של אחיהם האומללים, אספו מזון, לבוש, שחדו את הנוגשים כדי שיסכימו לחניה קצרה בתוככי סקאלה, שהשיבה במקצת נפשם של המגורשים ואפשרה לספק להם מזון חם, טפול דחוף לנזקקים ושכירת עגלות מהאכרים לשם הסעתם ליעדי גירושם. הצטיין בפעולות אלה עוזיאל שטוק, יהודי חזק בגופו וברוחו, נועז במלוי משימתו אשר ללא מורא ובמסירות נפש אף התלווה למחנה המגורשים מעבר לגבול והגן עליהם בדרך בפני נוגשיהם. כך זרמו הטראנספורטים הנוראים האלה משך ימים רבים ומתוך ים הסבל בלטו מקרים מזעזעים שהתרחשו

בסקאלה, תחנת הייסורים. נער, יליד בודאפסט, העז לבקש מ״המלווים״ ההונגרים שיתיחסו ביתר רחמנות אל המגורשים. כעונש על העזתו הוא נקשר לעץ בככר העיירה כשראשו כלפי מטה. הוא התענה כך כשעתיים, מדי פעם התעלף, נוגשיו שפכו עליו מים והמשיכו להתעלל בו. קרבנם האחר היה רב זקן, שניצל רגעי המנוחה לתפילה. בהינתן הפקודה להמשיך במסע לא זז הרב מיד, בעומדו בתפילת ״שמונה עשרה״. הוא הוכה קשות ורק תחנוניה של בתו ומתן שוחד לקלגסים הצילוהו מידיהם.

גורלם של המגורשים נחרץ כאשר הגרמנים נטלו מידי ההונגרים את השלטון בכל האזור. הם צוו על כשלושת אלפים מיהודי הונגריה, שהוחזקו באורינין, להתרכז בשדה באמתלה שיוחזרו לבתיהם. הם חוסלו, רובם ככולם, במטחי מכונות יריה ורק מעטים הצליחו להמלט מהטבח. שלושה נערים מהניצולים הגיעו לסקאלה וסיפרו על הרצח הנורא שבוצע,כידוע,על ידי אחת מיחידות הרוצחים, ה״איינזאצגרופפן״ הידועות לשמצה ולדראון עולם. הנערים נשארו זמן מה בסקאלה ובגבור הסכנה, עם התקרבות השואה השיג בשבילם ה״יודנראט״ תעודות-מעבר לגבול ההונגרי בהתאם לרצונם. הם קוו להציל חייהם בסביבה המוכרת להם ושלא היתה נתונה לשלטון הנאצי הישיר. ואמנם נצלו שלושתם: צבי זליקוביץ הוא חבר במושב נורדיה שליד נתניה, יעקב כץ מתגורר בעכו והשלישי חי בניו-יורק.

ב.

שלטונם המחמיר והעוין של ההונגרים בסקאלה היה כאין וכאפס לעומת זה שבא בעקבותיו. אף ההונגרים, שביניהם היו גם כמה אנשים בעלי רגש ויחס אנושי, רמזו כי עוד נתגעגע אליהם. בסוף יולי הגיעו הגרמנים, חיילים ובעלי תפקידים אזרחיים. בעיירה התמקם ה״צולגרנצשוץ״, משמר הגבול והמכס, אף כי הגבול הפולני-הסובייטי לשעבר בוטל בעקבות מסע הכיבוש הגרמני הרחק מזרחה. חיילי היחידה הזאת מלאו תפקידי שמירה וערכו סיורים לאורך הגבול, בעיירה ובפרבריה הכפריים. יעדם של הפקידים האזרחיים היתה אחוזתו הגדולה של הרוזן גולוכובסקי, אשר נמלט עוד מהכיבוש הסובייטי. הגרמנים הקימו בארמונו של הרוזן את ה״ליגנשאפטספרוואלטונג״ (מינהל האחוזה החקלאית), העבידו את האכרים האוקראיניים והטילו עבודות-כפיה קשות על היהודים, אשר את מכסתם היומית חייב היה ה״יודנראט״ לספק בהתאם לדרישת השליטים. נוסף לכך דרשו גם הם, בדומה לקציני ה״צולגרנצשוץ״, לספק להם מצרכים רבים ושונים כעולה על רוחם. המפקדה של ה״צולגרנצשוץ״ כללה

כמה קצינים, שכל אחד מהם רשם פרק משלו בתולדות שדידתם, השפלתם ושבירת רוחם של יהודי סקאלה. המפקד הבכיר היה המאיור בראון, שהתגורר בבית המינהל לשעבר של אחוזת הרוזן. כמעט ולא נראה ברחובות העיירה, לא קיים מגע עם ה"יודנראט", ואת כל זמנו בילה בנגינת כינור ועורר השתהות רבה בהזמינו, לעתים קרובות, את מנדל בוסיק, הכנר המוכשר שלנו, להתלוות אליו בנגינה. אף יחסו אל סבלם של יהודי העיירה היה אמביוואלנטי; לא השתתף אישית ולא הפעיל, כנראה, סמכויותיו כדי להרע לנו, אבל גם לא מנע מקציניו־פיקודיו להתעלל בקורבנותיהם.

השליט הכל־יכול והמטיל אימה על ה"יודנראט" ועל כלל היהודים, היה סרן הֶרַא, סגנו, כביכול, של בראון, אבל למעשה המפקד האכזרי וחסר הרחמים אשר רצונו קבע את גורלנו לשבט, ולעולם לא לחסד, בכל תחומי חיינו, כי על המוות ניצחו קלגסי הגסטאפו ובראשם ה"יודנרפרנט" קלנר. הרא הצטיין קודם כל כשודד וסחטן חסר כל רגש ומצפון; בהתפרצויות הזעם התכופות שלו היה מכה באכזריות את קורבנותיו ולפעמים מפעיל את אקדחו. ידועים לשמצה קצינים אחרים של ה"צולגרנצשוץ", כולם בדרגת סגן: ארתור אנגל, פייפר וגרוהר. אנגל שלח ידו בשוד רכושם של היהודים והיה "אורח" קבוע בבתיהם של תושבי העיירה, לרוב בלווית וילהלם פייפר. בו בזמן שאנגל היה מפעיל גם אגרופיו או את השוט ומשסה כלביו ביהודים, היה פייפר טיפוס עליז, לא פגע פיסית באיש; סתם שודד קטן וגנב אשר כל חפץ היה מוצא חן בעיניו. כל השודדים האלה שקדו תדיר על משלוח הרכוש השדוד למשפחותיהם בגרמניה. היהודים שעבדו בחצרו של ה"צולגרנצשוץ", בדיר, באורווה, ברפת, בלול, בשרותים וכעבדים ושפחות בדירותיהם,היו גם מתקינים ארגזים לאריזת הביזה, והם ידעו כי הרא הוא תושב כמניץ שבסאקסוניה, אנגל הוא מסגר בעיירה ייטרבוג, צפונית מערבית מברלין, ווגנר הוא תושב טרופאו וגרוהר הוא רוקח שמוצאו מבאדן. גרוהר זה היה ענק אלים ומסוכן אשר היה נטפל, משום מה, דווקא ליהודים גבוהים וחסונים. כך התנפל פעם במכות רצח על מוטיל גולדשיין בלי כל סבה הנראית לעין. גם החיילים הפשוטים נהגו לפי דוגמת קציניהם: רובם רשעים, אחדים אדישים לגורלנו. היו כמה מהם שהתייחסו בצורה אנושית ל"יהודיהם", דהיינו לעובדים במשקו של ה"צולגרנצשוץ."

עוד לפני התבססותו של הכובש הנאצי בעיירה נפל הקורבן הראשון ודווקא לא מידי הגרמנים: באחד הלילות הוטל רימון־יד לתוך דירתו של דוד (דודיע) הרשר, שכני בסטארה־סקאלה, ואשתו רוזה מבית ויינטראוב נפצעה פצעי מוות. כבר אז

נודע כי הרוצחים הם: יוליאן סטרוצ׳ינסקי, ״שגץ״ צעיר, שכננו מצד אחד, ומילקו סקורודה, נפח, שכננו ממול.

ג.

מיד עם כניסתם של הגרמנים לעיירתנו הוקם ה״יודנראט.״ מפקד היחידה קיבל מידי האוקראינים רשימת היהודים שהיו מוכרים בעבר כעסקנים צבוריים, והזמינם למפקדתו. על פגישה גורלית זו ספר בזמנו אברהם בילגוריי, היחידי שנשאר בחיים מכל חברי ה״יודנראט״ הסקאלאי: המפקד קיבל פניהם בצריחות פראיות, צווה לעמוד ליד הדלת, הודיעם כי שום חסד לא צפוי להם מצד הגרמנים וכל עוד יביאו תועלת לעם הגרמני — יחיו; אחרת — ימותו. את בילגוריי הוא מינה למזכיר ״מועצת היהודים״ שחייבת להתארגן תוך שעתיים. ואמנם התכנסה בביתו של הרב הצעיר, ר׳ יהודה דרימר, קבוצת עסקנים מקומיים ומביניהם נבחרו שבעה חברי ה״יודנראט״: מרדכי (מאָטיע) ויידברג — ה״יודנאלטסטה״, הרב דרימר, מאיר־זוסיה טאבאק, ניסן אולינגר, יוסף יאגעט, אברהם בילגוריי ואליעזר פיש — כמזכיר. אנשי ה״יודנראט״ התייצבו לפני המפקד הגרמני וזה הגדיר את תפקידו, הציג דרישותיו, והטיל את הגזירות הראשונות על הישוב היהודי: יש לארגן מיד ״אורדנונגסדינסט״ — שרות הסדר, שיבצע את הוראות ה״יודנראט״; כל יהודי יענוד על זרועו הימנית סרט לבן עם ״מגן־דוד״ כחול, והעובר על גזירה זו — יומת. מידי יום ביומו תסופק מכסת עובדי כפיה; יש לספק מיד כמות גדולה של רהיטים, כלי מיטה, כלי מטבח, מערכות כלי־אוכל וחרסינה — הכל בטיב משובח; על ה״יודנראט״ למלא כל דרישה של השלטונות הגרמניים לכסף, תכשיטים, מצרכים וכד׳ במלואה וללא דחוי — וכל זה לווה באיום של עונש מוות אם לא ייעשה כנדרש.

כדי שידעו השלטונות מספרם של עבדיהם, נדרש ה״יודנראט״ לערוך רשימה מדויקת של כל תושביה היהודיים של העיירה, וזאת מנתה 1424 נפשות. אוכלוסיה זו המשיכה לגור בבתיה שבמרכז העיירה, ברחובה הראשי וברחובות ובסימטאות הצדדיים, ואפילו 9 המשפחות שהתגוררו בפרבר הכפרי ״סטארה סקאלה״ (סקאלה הישנה) הושארו במקומותיהן. לא נוצר גיטו, ולמעשה גם לא רובע יהודי (יודנפירטל), רק ניתן צו שאסור ליהודים להמצא בסביבה הלא־יהודית. למען זיהוים של הבתים היהודיים הם סומנו מאוחר יותר, באוגוסט 1942, לקראת ה״אקציה״ הגדולה המתוכננת, במגן־דוד גדול, שצויר על הקיר החיצוני, או נתלה בחלון.

מיד עם כינונו החל ה״יודנראט״ לבצע את הפקודות של מפקד ״משמר הגבול״ ואת גזירותיו. תוך יום אחד, בהתאם לדרישה, סופקו לו החפצים והמצרכים כמפורט לעיל, ויש לציין כי הצבור ברובו הבין שמוטב להמציאם מרצונו הטוב ואף ללא תמורה. אולם בגבור הסחיטות והדרישות נתקל ה״יודנראט״ בסירוב ובהתנגדות והוא הפעיל את ה״אורדנונגסדינסט״. ה״יודנ־ראט״ מינה ״וועדת כספים״ שהעריכה יכולתו של כל יהודי, ולפי זה הטילה מסים על הכל, כדי לצבור תקציב שממנו ישולם עבור החפצים והמוצרים שהוחרמו, וכך יחולק העול הכבד בין כולם. אחרי חג הפסח 1942, צרף ה״יודנראט״ לוועדה זו כמה חברים מחוצה לו והם: מקס שטרנברג, יחיאל שוורצבך וסאמי השלס.

עבודת הכפיה הוותה בעיה קשה, כאובה ומאיימת על בטחונו הרופף בלאו־הכי של הישוב. ה״יודנראט״ נצטווה לספק מדי יום־ביומו 40 - 50 עובדים למעונותיו ולמשקו של ״משמר הגבול״, ומספר כפול לאחוזה החקלאית. הפחד מפני העבודה היה גדול כיוון שהיא לוותה בנגישות, התעללות ולעתים מכות קשות מידי השומרים והשוטרים. אנשים התחבאו וכאשר המכסה לא נתמלאה היו הרא וקלגסיו מפליאים מכותיהם באנשי ה״יודנראט״ וה״אורדנונגסדינסט.״ אלה היו נתונים במצב של סכנה מכאן וחשד ואיבה מכאן, ועבר זמן לא מועט עד שהאנשים הבינו כי אין מנוס מכניעה לדרישותיהם של הגרמנים.

ד.

בתחילת אוקטובר 1941 הוקמה בעיר צ׳ורטקוב המפקדה המחוזית של הגסטאפו, ואחד מהרוצחים נתמנה ל״יודנרפרנט״ (הממונה על היהודים) במחוז כולו. במקביל החלו לפעול השלטונות האזרחיים, ובפקודתם הוקם בצ׳ורטקוב ה״יודנראט״ המחוזי שניתנה לו גם סמכות הפיקוח ומתן הוראות ל״יודנראטים״ בעיירות המחוז, עיקרן — הטלת מסים והשתתפות בסיפוק דרישותיהם הסחטניות של הנאצים. אימה גדולה נפלה על יהודי הסביבה בהגיע השמועה הנוראה על הרצח ההמוני של עשרות אנשי האינטליגנציה הצ׳ורטקובאית, שנאספו על ידי הגסטאפו, הובלו ליער הסמוך ונורו על פי בור הקבר. גם אנשי ה״יודנראט״ המחוזי נרצחו ונתמנה ״יודנראט״ חדש שנאלץ להמשיך במלוי דרישותיהם של הרוצחים ביתר שאת. יהודי הכפרים גורשו ממקומותיהם והצטרפו לאחיהם בעיירות, כשהם מרוששים וחסרי כל. רכושם נשדד בידי האוקראינים ששתפו פעולה עם הגרמנים. כך גדלה אוכלוסית סקאלה לכ־ 1550 נפש

דער אוקראַינישער פּאָליציי, אונדזער בן עיר, סעמענטשוק, געגעבן אַ באַפעל צום פּאָליציאַנט מיכאַיליציאַ, וואָס איז צו יענער צייט געווען אין סקאַלע אַ פּאָליציי־מאַן: ״שיס!״ ער האָט אים גענומען נאָכשיסן און דערנאָך אים צוריקגעבראַכט. דער טראַנספּאָרט איז ווידער געשיקט געוואָרן קיין באַרקי־וויעלקיע, פירנדיק מיט זיך פאָלגענדיקע 18 סקאַלער:

משה פליישמאַן־״טערק״ (געשטאָרבן מאַי 1942)
מרדכי וויינרויב
ישראל שוואַרצבאַך (ליפּע׳ס)
שאול קאַהוט
מאיר פלינטענשטיין
משה גאָטעספעלד
בנימין שטאַק
משה זימערמאַן (אויסגעקויפט אויגוסט 1942, אומגעקומען שפּעטער אין יאַנאָווער לאַגער)
גדליה קאָוואַל
שמואל (מוניע) ראָזענצווייג
מאיר שטיינער
זלמן קעיס
יוסף בנציון
יצחק עפּשטיין
שמעון פידערער
יעקב צייכנער (באַפרייט אַפּריל 1942; ווידער געבראַכט בעת דער פּסח רעגיסטראַציע)
עזריאל זיידמאַן (באַפרייט אוגוסט 1942, געשטאָרבן צוויי טעג שפּעטער אין סקאַלאַט)
יקיר קעיס

אויך נאָך דעם טראַנספּאָרט איז געוואַקסן דער אַנטאַגאַניזם צווישן די ייִדן און ״יודנראַט״. נישט קוקנדיק דערויף האָט דער ״יודנראַט״ געמוזט פּאַרטזעצן זיינע פונקציעס אין שטאָט, ווי אויך אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט די לאַגער־מענטשן, באַזאָרגנדיק פּעקלעך צו דער צייט, אויף דעם זעלבן שטייגער, ווי פריער, האָפנדיק, אַז מיט דער צייט וועט ווידער געלונגען די מענטשן צו באַפרייען. עס האָט אָבער נישט געדויערט לאַנג און עס איז אָנגעקומען אַ נייע צרה און אין אַזאַ גרויסן פאַרנעם, אַז עס האָט כמעט פּאַראַליזירט די גאַנצע רעטונגס־אונטערנעמונג. די פרישע גזירה איז געווען די פּסח׳דיקע רעגיסטראַציע. עס דאַרף נישט פאַרגעסן ווערן, אַז די רעגיסטראַציע־פאַראָרדענונג איז געקומען ממש געציילטע טעג נאָך דער ליקווידאַציע פון די דאָרפס־ישובים אין אונדזער באַצירק. די ייִדן, וואָס האָבן פון דורות געוואוינט אין די דערפער, באַאַרבעט זייערע אייגענע פעלדער און האָבן געפירט אַ פּראָדוקטיוו דאָרפיש־לעבן, זענען אָן רחמנות אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון זייערע היימען. מוזנדיק איבערלאָזן אַלץ,

זענען זיי פארטריבן געווארן אין די ארומיקע שטעטלעך. אויך סקאלע איז פארפלייצט געווארן פון צענדליקער יידישע דארפס־משפחות, און דער ״יודנראט״ האט זיי געמוזט פארזארגן מיט ארעמע וואוינונגען, אליין שטייענדיק אין סכנה פון א געטא־גזירה, וואס איז פארלאנגט געווארן פון אונדזערע אוקראינישע שכנים.

שוין די לעצטע עטלעכע טעג פון ערב פסח, ווען דער ״יודנראט״ האט געלאזט וויסן, אז דעם ערשטן טאג פסח מוזן אלע מענער, אין עלטער פון 14 יאר ביז 60, זיך צושטעלן צום ״ארבעטס־אמט״ אין בארשטשעוו כדי צו באקומען אן ארבעטס־אויסווייז, איז באפאלן א שרעק אלע יידן. מ׳האט ממש אין דער לופט געפילט, אז א נייע צרה רוקט זיך אן. יידן זענען ארומגעלאפן פארצווייפלטע נישט וויסנדיק, וואס עס איז בעסער, גיין אדער נישט. אייניקע, וואס האבן געהאט משפחה, אדער סתם פריינט צווישן יודנראט־מענטשן, זענען געלאפן צו זיי נאך הילף אדער אן עצה. אנדערע האבן אינגאנצן פארלוירן דאס פארטרויען צום ״יודנראט״. דער סוף איז געווען, אז ס׳איז געווארן א גרויסע נאכפראגע אויף צעטלען, ד.ה. באשטעטיקונגען אז דער באטרעפנדער איז באשעפטיקט אויף אן ארטיקן ארבעטס־פלאץ אין שטאט, און אז דער ארבעטס־געבער נויטיקט זיך אין אים. דער פרייז פון די צעטלען איז געשטיגן, באזונדערס ווען דער ארבעטס־געבער איז געווען א דייטשע ״דינסט־שטעלע״. די צעטל טראנזאקציע איז אנגעגאנגען דורכן ״יודנראט״ און אויסערן ״יודנראט״, ביז כמעט דער לעצטער מינוט. די יידן, וואס האבן זיך דאס נישט געקאנט לייסטן, האבן געהאנדלט ווי זיי האבן פארשטאנען. א טייל זענען אינגאנצן נישט געגאנגען, וויסנדיק, אז אויב די דייטשן רופן־ טויג נישט. אנדערע ווידער,האבן נישט געהייסן גיין די יונגע פון דער משפחה. נאר עטלעכע יידן שוין מיט ווייסלעכע בערד און פאות זענען געגאנגען, זייענדיק זיכער, אז וואס זאל שוין נישט זיין, זיי וועט מען נישט טשעפען. יידן פחדנים, אפילו יונגע, האבן זיך צוגעשטעלט.

קומענדיק קיין בארשטשעוו האט מען גלייך געזען, אז מען איז אריין אין א צרה, עס איז אבער געווען צו שפעט זיך צוריקצוציען. די שטאט איז אפגעשלאסן געווארן פון אלע זייטן דורך דייטשער און אוקראאינישער פאליציי, ווייל עס זיינען גלייכצייטיק גערופן געווארן אלע מענער אין זעלבן עלטער פונ׳ם גאנצן באצירק. וועמען עס איז נישט געלונגען אין דער לעצטער מינוט צו אנטלויפן, איז פון די רוצחים געכאפט געווארן און אונטער קלעפ פון קאלבעס געטריבן געווארן צום זאמל־פלאץ נעבן דער אמאליקער סטאראסטווא (באצירקס־אמט). אין דער פאניק, בהלה, איז א קליינער טייל פון די צוזאמענגעטריבענע געלונגען זיך צו באפרייען א דאנק גוטע ארבעטס־צעטלעך. די איבעריקע זענען געבראכט געווארן צום טאבאק־מאגאזין און דארט האט מען זיי פארשפארט ביז צום אוועקשיקן אין די לאגערן בארקי־וויעלקיע און סטופקי. אט אזוי האט אויסגעזען דער ערשטער פסח אונזערער אונטער דער דייטשער הערשאפט. דעם יום טוב פון פרייהייט האבן די בעסטיעס פארוואנדלט אין א פינצטערן טאג פון פארשקלאפונג. עס זענען אין דעם טאג פארשלעפט געווארן (חוץ א גרויסער צאל דארפישע יידן) פאלגנדיקע יידן פון סקאלע:

בנציון גערטלער, סטופקי (באפרייט אויגוסט 1942, אומגעקומען אין איוואנקאוו 1944)
לייביש גאטעספעלד, בארקי (באפרייט יוני 1942 פארשלעפט אין יאנאוווער לאגער, אומגעקומען אין לאסיאטש, 1944)
יעקב (יעקיל) ראפע, בארקי, דארט אומגעקומען.
יוסף שטערנשוס, בארקי, דארט דערשאסן.
אורי אשענדארף, בארקי (באפרייט אין סעפטעמבער 1942), אומגעקומען אין יאנאוווער לאגער
נחום עלקעס, בארקי (שפעטער לאצקי — דארט אומגעקומען)
הערש בלוטשטיין, בארקי (דערשאסן אין מאי 1942)
יצחק מאן, סטופקי (באפרייט אין יולי 1942, אומגעקומען אין סקאלער וואלד)
חנא פערל, בארקי (דארט אומגעקומען)
מנחם פרעשל, סטופקי (דארט אומגעקומען)
יהודה וואקס, בארקי (דארט אומגעקומען אין יוני 1942)
יעקב־בער טראסאוואוצקי, בארקי (אויסגעביטן דורכן זון אין יוני 1942 (אומגעקומען אין בעלזשעץ)
זיידע שיצער (אויסגעביטן אין סטופקי דורכן זון טאדרעס (טאני) אויגוסט 1942, אומגעקומען אין בארשטשעוו)
טאדריס (טאני) שיצער, אומגעקומען אין סטופקי
אברהם טראסאוואצקי, אין בארקי פון יוני 1942 (באפרייט אין סעפטעמבער, דערנאך אנטלאפן פון יאנאווער לאגער, היינט אין ניו־יארק)
אליהו יאלעס, בארקי (אוסגעביטן דורכן זון אין יולי 1942, פארשיקט קיין בעלזשעץ)
מרדכי יאלעס, בארקי פון יולי 1942 (דארט באגאנגען זעלבסטמארד אין אקטאבער 1942)
הערש קאהוט, בארקי (דארט אומגעקומען)
ישראל וויזענטאל, בארקי (דארט אומגעקומען)
משה וויינפעלד, בארקי (באפרייט אין סעפטעמבער 1942, פארשיקט קיין בעלזשעץ)
אליעזר (זיוניע) וויינפעלד, בארקי (דארט געשטארבן אין סעפט. 1942
משה זאלצמאן, בארקי (אויסגעביטן דורכן זון אין יולי 1942) געשטארבן אין ניו־יארק
מרדכי זאלצמאן, בארקי פון יולי 1942 (דארט אומגעקומען)
יוסף גאטעספעלד, בארקי (דארט אומגעקומען)
יוסף מאנדשיין, בארקי (דארט אומגעקומען)
נחום שענקערמאן, בארקי (דארט דערשאסן אין יוני 1942)
אברהם שווארצאפעל, צוויי מאל פארשיקט קיין בארקי (אנטלאפן 1943, אומגעקומען אין סקאלער וואלד)

בנציון שוסטערמאַן, באַרקי (דאָרט דערשאָסן געוואָרן אין יולי 1942)
מרדכי לייבאָוויטש, (קריוּוטש) באַרקי (דאָרט אומגעקומען)
יעקב שניידער, באַרקי (אויסגעביטן דורכן זון אין יולי 1942, פאַרשיקט קיין בעלזשעץ).
משה שניידער, באַרקי פון יולי 1942 (דאָרט אומגעקומען)
יהושע הערש באַסיק, באַרקי (באַפרייט אויגוסט 1942, אומגעקומען אין באַרשטשאָוו)
יוסף שמואל פייערשטיין, באַרקי (דאָרט אומגעקומען)
משה פייערשטיין (חנה'ס), סטופּקי (דאָרט דערשאָסן אין יולי 1942)
פישל געמיינערמאַן, באַרקי, אויסגעביטן דורכן זון אין יולי 1942, געכאַפּט אין דער וואַלד־אַקציע און דערמאָרדעט)
חיים געמיינערמאַן, באַרקי פון יולי 1942 (אומגעקומען אין הלובאַ־טשעק)
עוזיאל שטאַק, באַרקי (באַפרייט אין סעפּטעמבער 1942, געכאַפּט ווידער אין באַרשטשעוו אין מאַי 1943 און דאָרט אומגעקומען).
יצחק פליט, באַרקי (אויסגעביטן דורכן זון אין יולי 1942, געשטאָרבן אין באַרשטשעוו)
שמאי פליט, באַרקי פון יולי 1942 (דאָרט אומגעקומען)
פּרץ שעכטער, באַרקי (דאָרט דערשאָסן יוני 1942)
אפרים הינדעס, באַרקי (באַפרייט סעפּטעמבער 1942, אומגעקומען אין בעלזשעץ)
ישראל גאָלדשיין, געכאַפּט צוויי מאָל קיין באַרקי (דאָרט אומגעקומען)
יצחק גאָלדשיין, באַרקי (דאָרט אומגעקומען)
שמעון ראָזענבלאַט (וואָלקאָוויץ), באַרקי (דאָרט אומגעקומען)
אליהו ענגעלבאַך, באַרקי (דערשאָסן אין יוני 1942)
שלמה שטעקמאַן, באַרקי (דערשאָסן אין יוני 1942)
מרדכי רעכטער, באַרקי (דאָרט אומגעקומען)
יצחק פייערשטיין, געכאַפּט צוויי מאָל קיין באַרקי (אַנטלאָפן, אומגעקומען אין באַרשטשעוו)
לביש לאַנדמאַן, באַרקי (באַפרייט סעפּטעמבער 1942, פאַרשיקט קיין בעלזשעץ)
בערל מאַלאַמוד, באַרקי (דאָרט געשטאָרבן יוני 1942)
יוסף שניידער, באַרקי (דאָרט אומגעקומען)
משה ווייסבראָד, באַרקי (דאָרט אומגעקומען)
מלך רעכטער, באַרקי (דאָרט אומגעקומען)
ישראל מענדלאָוויטש, באַרקי (דאָרט אומגעקומען)
שלום דרעשער, סטופּקי (דאָרט אומגעקומען)
הערש קריגספעלד, באַרקי (דאָרט אומגעקומען)
מרדכי פליישמאַן, באַרקי (דאָרט אומגעקומען)
משה מעסינג, באַרקי (אויסגעביטן דורכן ברודער אין אויגוסט 1942,

פארשיקט אין יאנאווער לאגער)
יעקב מעסינג, בארקי, אויגוסט 1942 (דארט אומגעקומען)
אליהו אויגענבליק, בארקי (דערשאסן אין יוני 1942)
וואלף הערשער, בארקי (באפרייט אין אויגוסט 1942, פארשיקט אין יאנאווער לאגער און דארט אומגעקומען)
זיידע גאלדשיין, בארקי (דארט געשטארבן אין מאי 1942)
יהושע קליינמאן, בארקי (דארט אומגעקומען)
יעקב צייכנער, פארכאפט צוויי מאל קיין בארקי (דארט אומגעקומען)
פייוויש קאסירער, בארקי (אויסגעביטן אין אויגוסט 1942, דערשאסן אין סקאלע 8.10.1943)
שמשון לייבאוויטש, פארשיקט קיין בארקי און סטופקי (דארט אומגעקומען)
שלמה שינדלער, בארקי (אויסגעביטן דורכן זון אין יולי 1942, געשטארבן אין בארשטשעוו)
הערש שינדלער, בארקי פון יולי 1942 (דארט אומגעקומען)
בערל שיצער, בארקי, (דארט אומגעקומען)
יוסף וויזענטאל, בארקי (אויסגעביטן אין יולי 1942, דערשאסן בעת דער פורים אקציע אין בארשטשעוו)
מרדכי וויזענטאל, בארקי פון יולי 1942 (דארט אומגעקומען)
בנציון קריגספעלד, בארקי (דארט אומגעקומען)
שמשון ליינוואנדמאן, בארקי (דארט אומגעקומען)
שלמה קליין, בארקי (דארט אומגעקומען)
אברהם בילגאריי, (פון לאסיאטש) בארקי (דארט אומגעקומען)
סאלי בילגאריי (פון לאסיאטש) געכאפט אין בארשטשעוו.

עס איז שווער איבערצוגעבן, וואס עס האט זיך דעם טאג אפגעטאן אין בארשטשעוו, און נאך שווערער, וואס עס האט זיך געטאן אין סקאלע, ווען אין שפעטע נאכמיטאק־שעה׳ן האבן זיך אנגעהויבן באווייזן איינצלנע מענטשן, וועלכע עס איז געלונגען צו אנטלויפן. יעדער האט דערציילט עפעס אנדערש, פרויען זענען ארומגעלאפן וויינענדיקע, ווארטנדיק אויפן צוריקקער פון די אייגענע, אדער לכל הפחות אויף א צייכן, אז זיי איז געלונגען זיך צו ראטעווען. די פאניק האט אזוי אנגעהאלטן ביז אויף צומארגנס, ווען אלע אנטלאפענע זענען צוריקגעקומען און עס איז באקאנט געווארן דער גרויסער בראך. עס זענען געכאפט געווארן עלטערע מענטשן,קראנקע, און עס איז געווען אוממעגלעך אפילו איינעם צו באפרייען. זיי זענען אין די קומענדיקע פאר טעג אפגעשיקט געווארן קיין בארקי־וויעלקיע און סטופקי.

## איך פאר צום באָרקי־לאגער

דער "יודנראט", נישט קאנענדיק גארנישט אויפטאן אויפן ארט, איז צוגעטרעטן צוזאמען מיט די משפחות פון די פארשיקטע גלייך צו פארזארגן זיי

מיט מלבושים און שפייז. דאס לעצטע איז אין יענער צייט געווען כמעט אוממעגלעך צו באקומען. טראץ דעם, איז געלונגען צוניפצושטעלן פיר גרויסע פורן מיט פעקלעך און מיט דעם טראנספארט בין איך דאס ערשטע מאל מיטגעפארן קיין בארקי־ווילקיע. מיין אויפגאבע איז געווען נישט בלויז צו באגלייטן די פעקלעך און צוריקקומען, נאר בלייבן דארט און זען, וואס עס קאן געטאן ווערן אויפ'ן פלאץ, גיבן יעדע מעגלעכע הילף, באזונדערס פאר די עלטערע און קראנקע, ווייל עס איז געווען קלאר, אז זיי וועלן צוזאמענברעכן די ערשטע. קומענדיק אהין שבת נאכמיטאג (ערשט א וואך זינט דער כאפעניש אין בארשטשעוו), האב איך דערזען אונדזערע מענטשן ארבעטנדיק אויף דעם שאסיי וואס פירט אין לאגער אריין. זיי זענען געשטאנען כמעט ביז די קני אין בלאטע. דעם ערשטן האב איך דערזען יודל וואקס, א האלב טויטן. אז איך האב אים געפרעגט, צי ער וויל עפעס האט ער אויפגעהויבן די אויסגעלאשענע אויגן, עפעס געמאכט מיט די ליפן ־ וואס האב איך נישט פארשטאנען ־ און ווען איך האב אים געגעבן א שטיקל ברויט, האט ער דאס א כאפ געטאן און געשלונגען, נישט רעכענענדיק זיך, אז דער פאר־ארבעטער קאן דאס באמערקן. איך אליין בין פארשטיינערט געווארן קוקנדיק אויף זייער מצב, אפגעבנדיק זיך א חשבון, אז מיר אין דער היים, לעבן דאך אין א "גן־עדן" און מיר שאצן דאס נישט אפ. מיט אזעלכע געדאנקען בין איך צוגעפארן צום לאגער, כדי דארט צו ווארטן ביז די מענטשן וועלן צוריקגעבראכט ווערן פון דער ארבעט און איך וועל קאנען פארטיילן די פעקלעך. אזוי שטייענדיק ביי דעם טויער און באקוקנדיק דעם עמק הבכא האב איך דערזען עוזיאל שטאק ארבעטנדיק ביים פלאסטערן דעם לאגער־הויף. דא מוז איך מיך ווידער אפשטעלן אויף עוזיאל'ן: א טאטע, וועמענס זון איז געווען דער ערשטער לאגער־קרבן, און איצט האט דער אכזריותדיקער גורל אים אליין, א ייד פון 49 יאר, געבראכט צום זעלבן פלאץ, וואו זיין זון האט טאג־טעגלעך געטראטן, אנשטויסנדיק זיך, אויף יעדן טריט, אויף פלעצער, וואס זאלן אים דערמאנען זיין גרויסן בראך. נאר דווקא ער האט זיך נישט איינגעבראכן. ווען ער איז צו מיר צוגעקומען, האט ער פאר זיך גארנישט געבעטן, גארנישט זיך געקלאגט. זיינע ערשטע ווערטער צו מיר זענען געווען: "טו עפעס פאר יעקב־בערן (מיינענדיק יעקב־בער טראכטענבערג). ער איז געפאלן פון די כוחות. איך האב אים נעבן זיך און טו אויך זיין ארבעט, כדי קיינער זאל נישט באמערקן זיין צושטאנד". עס איז געווען אמת, איך האב שפעטער צוגעזען, ווי ער ארבעט פאר צוויי, כדי אים צו פארשוינען.

איך האב זיך אריינגעצויגן צו א יידישער פאמיליע אין בארקי, מאיר לינטשיץ, דער איינציקער לעבן געבליבענער ייד דארט, ווייל בעת'ן אריינמארש פון די דייטשן אין 1941 האבן די דארטיקע אוקראינער דורכגעפירט א פאגראם אין אלע דערפער פון יענער געגנט, דערהרגעט בלויז די מענער און געלאזט לעבן די אלמנות און יתומים. ער, לינטשיץ, א ייד אין די דרייסיקער, האט געארבעט אין בארקער לאגער אלס אויפזעער אויף דעם זעלבן אופן ווי די דארטיקע אוקראינער. דורך אים האב איך אנגעבונדן די ערשטע קאנטאקטן מיטן לאגער, ווי אויך געשיקט און באקומען ידיעות וועגן אונדזערע מענטשן.

דורך אים (לינטשיצן), און דורך אנדערע, איז מיר געלונגען זיך צו באקענען מיט וועמען מ׳דארף, און אזוי ארום צו שטיין אין שטענדיקן קאנטאקט מיט אונדזערע מענטשן, כדי נישט געשטערט צו ווערן און ברענגען הילף א לאגער־ייד, אדער צו פארזארגן אים א גרינגערע ארבעט. דא איז אחוץ די דייטשן און די אוקראינער, נאך געווען א יידישע "אינסטאנץ". אין בארקי זענען געווען דריי יידן פון די ערשטע לאגערניקעס. איינער מארגוליעס, א רוסישער, א הויך אינטעליגענטער מענטש. קענענדיק פערפעקט דייטש האט ער אנגעפירט מיט דער לאגער־קאנצעלאריע. דער רוצח מינקוס ־דער לאגער פירער־ האט געהאט צו אים גרויס פארטרויען. ער, מארגוליעס, מיט א יידיש הארץ, האט א סך געהאלפן, און אן געלט. ער איז געווען דער איינציקער, וואס זייענדיק אין א בעסערער לאגע פון אנדערע, האט דאס נישט אויסגענוצט פאר פערזענלעכע אינטערעסן. די אנדערע צוויי, ראטמאן און ענגעלקרייז, ביידע פון לעמבערג, זענען שוין געווען גאנץ אנדערש, באזונדערס ענגעלקרייז. די איינצלנע, על־פי־נס לעבנגעבליבענע, געדענקען זיכער די גראבע שטעקנס, וואס האבן זיך געלאזט פילן אויף ארעמע יידישע פלייצעס. צום גליק האב איך ראטמאנען געקענט פון פאר דער מלחמה, און לגבי מיר איז ער געווען אין ארדענונג. איך בין געשטאנען מיטן סקאלער "יודנראט" אין א טעגלעכער טעלעפאנישער פארבינדונג. איך האב איבערגעגעבן זיי וועגן דעם מצב פון יעקב־בער טראסאוואוצקי. א וואך שפעטער איז געקומען זיין זון אברהם אים פארבייטן. דאס איז געווען דער ערשטער פאל פון פארבייטן איינעם פארן אנדערן. עס האט אויך געדראעט די סכנה אז ביים פארבייטן זאל דער לאגער־פירער פארהאלטן ביידע, דערפאר האט עס געדויערט לענגער, ביז איך בין געווען זיכער מיטן לאגער־פירערס באשלוס, און ערשט דעמאלט האב איך אים אויסגעביטן און יעקב־בערן אהיים געשיקט. ער האט נעבעך נישט געוואוסט, אז אינצווישן איז אין סקאלע דערשאסן געווארן זיין עלטסטער זון הערש.

## יידן דערשאסן ביי אן אפטריט

נאך דעם ערשטן פאל פון פארבייטן, האב איך דאס מערערע מאל דורכגעפירט (זע די רשימה). דערביי זענען טויטפאלן און דערשיסונגען געווען מעשים בכל יום. פנים אל פנים האב איך דאס נאך נישט געהאט בייגעוואוינט, ביז יענעם שרעקלעכן בילד, וואס פארפאלגט מיך ביזן היינטיקן טאג:

אין א זוניקן נאכמיטאג, אנהויב מאי, בין איך געגאנגען אין בארקער לאגער אריין צוזאמען מיט מיין חבר הערש פענסטער פון אזיעראן צו זען זיך מיט מארגוליעס׳ן וועגן עפעס אן ענין. פארבייגייענדיק די דראטן, האבן מיר געזען, ווי אויף א גרינער לאגער־דעקע ווערט געטראגן נחמיה העכטענטאל, אן עלטערער בחור פון אזיעראן. ער איז קראנק געווען אויף א פוס, דערפאר האט מען אים געטראגן. עס זענען גלייכצייטיק געפירט געווארן הערש בלוטשטיין (קאפל׳ס) און יעקב פייערשטיין (אליעזר פייערשטיין׳ס זון) וואס האט געוואוינט אין אזיעראן. זיי זיינען געבראכט געווארן אויסער די דראטן צו דער "לאטרינע" ־ א גרויסער, טיפער גרוב פאר אפפאל, וואו מ׳האט אויך אריינגעווארפן טויטע יידן. נחמיה

העכטענטאל איז אנידערגעוואָרפן געוואָרן ביים ראנד פון גרוב, די אנדערע צוויי זענען אויך דארט אוועקגעשטעלט געוואָרן. אינצווישן האָבן זיך די אוקראַינישע פּאָליציאַנטן נישט געאיילט מיטן דערשיסן. דאָס פּנים פון נחמיה׳ן א ליגנדיקן האָב איך נישט געזען. יענקעלע איז געשטאַנען א פאַרשטיינערטער און הערש קאָפּל׳ס, מיטן לאַנגן שוואַרצן אויבעררָאָק, אַרומגעבונדן מיט א שטריקל (אין דער הלבשה איז ער געכאַפּט געוואָרן אין באַרשטשעוו), האָט א רוהיקער אַרויסגענומען פון ערגעץ א סידור׳ל און קלאַפּנדיק זיך אין האַרצן אַריין געזאָגט ״על חטא״. און אָט האָבן אָפּגעהילכט ביקסן קנאַלן און אַלע דריי זענען אַריינגעפאַלן אין דער ״לאַטרינע״ (אָפּטריט) געפינענדיק דאָרט דעם קבר.

צי קאָנען מענטשן אין נאָרמאַלע צייטן משיג זיין אַזעלכע בעסטיאַלישע אַקטן? דאָרט אין דעם עמק הבכא איז דער טויט אין אַלע זיינע פאָרמען געווען א טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. דער גרעסטער טייל איז געשטאָרבן פון הונגער און פון פּשוט פאַרלירן די כוחות פון שווערער אַרבעט. כדי אויפצוהאַלטן די מענטשן ביים געזונט איז אין דער ערשטער רייע געווען נויטיק שפּייז, און דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. ערשטנס, איז צו יענער צייט די לאַגע אויף דעם געביט געווען א זייער שלעכטע, אַפילו צווישן דער גויישער באַפעלקערונג. און אַז די פּעקלעך זענען שוין געווען פּאַרטיק, זענען ערשט געקומען שוועריקייטן מיטן צושטעלן; עס האָבן געפעלט פורן, (פון יידן האָט מען פערד שוין געהאַט צוגענומען) און דאַן צרות אויף די וועגן. עס איז אָבער געטאָן געוואָרן אַלץ מעגלעכס אַנצוהאַלטן דאָס כסדרדיקע צושטעלן פון שפּייז. איך האָב אַפילו א געוויסע צייט געלאָזט באַקן ברויט אין סקאַלאַט (דאָרט איז די לאַגע געווען א פּיל בעסערע). עס האָט א ביסל געהאָלפן, אָבער דער משחית איז אָנגעגאַנגען מיט זיין פאַרניכטונגס־פּלאַן, סיי אין דער היים, סיי אין לאַגער. אין לאַגער אָבער זענען די מעטאָדן געווען שרעקלעכע, יעדן טאָג קרבנות־ ווער געשטאָרבן, ווער געפאַלן ביי דער אַרבעט, און ווער, זוכנדיק זיך אָפּצורוען א טאָג־צוויי אין לאַגער קראַנקענהויז, און איז געכאַפּט געוואָרן ביי אַן ״אויסריינּיקונג״ פונם קראַנקנהויז און דערשאָסן געוואָרן. אָט וועגן אַזאַ קראַנקענהויז ״ריינּיקונג״, וואָס האָט צווישן אַנדערע געקאָסט פינף סקאַלער קרבנות, וועל איך דאָ איבערגעבן:

דעם 5־טן יוני 1942 איז דורכגעפירט געוואָרן אַן אינספּעקציע אין לאַגער. די מחבלים האָבן געזוכט קראַנקע און בכלל שוואַכע און אַרבעטס־אומפייאיקע. אַזעלכע זענען אַרויסגענומען געוואָרן אויסערן לאַגער און זענען באַלד דערשאָסן געוואָרן. די רוצחים האָבן דעמאָלט געהאַט צוזאַמענגעשלעפּט א היפּשע צאָל יידן, צווישן זיי פינף פון אונדזער שטאָט סקאַלע:

אליהו אויגענבליק פון גושטין
נחום שענקערמאַן
אליהו ענגעלבאַך (שלמה פּרץ׳ס)
שלמה שטעקמאַן
פּרץ שעכטער

דעם זעלבן אינדערפרי זענען זיי אַלע ״ליקווידירט״ געוואָרן.

## דער אפגעשניטענער קאפ אין א זאק

צומארגנס אינדערפרי ארום 6, איז צו מיר געקומען לייבעלע בראנדעס פון קאראליוועקע, א פאר־ארבעטער, א זייער לייטישער יונגערמאן. א דערשראקענער, האט ער מיר איבערגעגעבן, אז דער רוצח מינקוס ימ״ש, איז ביים אפעל ארומגעלאפן א בייזער און איצט איז ער ,לייבעלע געשיקט געווארן מיך גלייך מיטצוברענגען אין לאגער. ער האט אזוי פאר זיך א זאג געטאן: ״אפשר האב איך אייך נישט געטראפן אין דער היים״. דאס איז געווען אן אנצוהערעניש, אז אפשר דארף איך אנטלויפן. איך בין אבער מיט א קלאפנדיק הארץ מיטגעגאנגען, זייענדיק זיכער, אז עפעס א פרישע צרה רוקט זיך אן. קומענדיק אין לאגער און צוגייענדיק נאענט צו מינקוסן, האב איך גלייך באמערקט, אז ער ברענט מיט רציחה. דערזעענדיק מיך האט ער א רעווע געטאן: ״מארגוליעס״. ווען דער לעצטער האט זיך געשטעלט פאר אים, האט דער רשע ווידער ארויסגעלאזט א באפעל: ״צייג אים!״ מארגוליעס איז אוועק און געבראכט עפעס א זאק און אים אויסגעליידיקט ביי מיינע פיס. איך האב דערזען א מענטשן קאפ, א פריש אפגעשניטענעם פון א קערפער. דאן האט ער א געשריי געטאן צו מיר: ״הויב אויף דעם קאפ פון דער ערד, באטראכט אים גוט און זאג מיר, ווער דאס איז״. איך האב אויפגעהויבן דעם קאפ, און כאָטש דאס פנים איז געווען פארענדערט האב איך געזען אז דאס איז דער קאפ פון דעם מיט א טאג־פריער דערשאסענעם אליהו ענגעלבאך. איך האב אים דאס געזאגט. ער האט נאך עפעס געזאגט מארגוליעסן און גלייך אוועקגעריטן. פארבלייבנדיק מיט מארגוליעסן אליין, האט ער מיר איבערגעגעבן, וואס עס האט פאסירט. נאך דעם דערשיסן איז עמיצער, ווער ס׳האט געוואוסט, אז אליהו ענגעלבאך האט געהאט גאלדענע ציין, ארויס ביינאכט צום גרוב, געפונען דעם קערפער, אפגעשניטן דעם קאפ,כדי עס זאל זיין גרינג אים אוועקצוטראגן, און מיט עפעס א שווערן קעגנשטאנד אויסגעהאקט די ציין. דער קאפ איז אינדערפרי געפונען געווארן אין לאגער. עס האט געקאסט גענוג, ביז ס׳איז געלונגען דעם שענדלעכן ענין צו פארווישן און פארמיידן אן אויספארשונג.

אין לאגער סטופקי, וואס האט זיך גערעכנט פאר דעם גרינגערן פון די צוויי, איז די לאגע מער־ווייניקער געווען די זעלבע. אפשר א ביסל ווייניקער דערשיסונגען און דער לאגער פירער־ פאול סיללער, אן עסטרייכער, איז אפשר געווען א ביסל א קלענערער מערדער.

עס איז אפשר כדאי צו געבן אן ענטפער די אלע, וואס זענען דארט נישט געווען, אויף זייערע פראגעס: ״הלמאי זענען די לאגער־מענטשן נישט אנטלאפן?״ זייענדיק אין א טאג־טעגלעכער פארבינדונג מיט לאגער־מענטשן, און קענענדיק זייער דעמאלטדיקע מענטאליטעט, קאן איך מיט זיכערקייט זאגן, אז די לאגערניקעס פון 1942 האבן אלע (אחוץ געציילטע יחידים) אפילו נישט געקלערט פון אנטלויפן, ווייל זיי האבן מיט זייער טאט נישט געוואלט ברענגען קיין אומגליק אויף די איבעריקע אחים לצרה און הויפטזעכלעך אויף זייערע משפחות אין דער היים. פארקערט, די לאגער־יידן זענען געווען שטארק אין כעס אויף די אנטלויפערס, ווייל אין יעדן פאל ווען איינער איז אנטלאפן, פלעגן באשטראפט ווערן די געבליבענע, מיינסטנס שוואכערע און קראנקע.

איך וועל דא ברענגען א פאראיינצלטן פאַל, און איך בין זיכער, אַז די וואָס זענען אין יענער צייט געווען אין לאַגער, וועלן דאָס באַשטעטיקן: מיט'ן ערשטן טראַנספּאָרט פון אונזער געגנט קיין באַרקי, איז אויך געבראַכט געוואָרן פון טשאַרטקאָוו הערש לינדמאַן (חיים בעקערס זון), א געוועזענער סקאַלער. אַפּזייענדיק א געוויסע צייט אין לאַגער, איז ער נעלם געוואָרן. אויפן אַנדערן טאָג זענען אַלס שטראָף דערשאָסן געוואָרן צען יידן, דאַרונטער לייבעלע בלוטשטיין (לאה פון דער מילכ'ס זון). דערנאָך איז דער טשאַרטקאָווער "יודנראַט" אויפגעפאָדערט געוואָרן אים (הערשן) צוצושטעלן אָדער אַן אַנדערן. אויב נישט, וועלן זיי טראָגן די קאָנסעקווענצן. מיטן ווייטערדיקן שפּייז־טראַנספּאָרט איז געבראַכט געוואָרן דער פאָטער, חיים לינדמאַן. זיינע ליידן דאָרט זענען נישט צו באַשרייבן. אַליין שוין נישט קיין יונגערמאַן, האָט ער אַחוץ שווערער אַרבעט, אויך געליטן אין לאַגער פון די אייגענע פאַר די 10 קרבנות, וואָס זיין זון האָט גורם געווען. ער האָט אויך געליטן הונגער מער פון אַנדערע. איינמאָל ווען איך בין געקומען צו דער באַן־בריק אין באַרקי, וואו א טייל פון אונדזערע מענטשן האָבן געאַרבעט, און ווען חיים לינדמאַן האָט מיך דערזען, איז ער צוגעקומען און א וויינענדיקער צו מיר אַזוי געזאָגט: "גענוג וואָס ביי מיינע יאָרן דאַרף איך אַזוי שווער אַרבעטן, לייד איך נאָך מער פון אַנדערע. איך ווייס וואָס מיין זון האָט געטאָן, עס איז דאָך אָבער נישט מיין שולד, און איצט האָב איך צו דיר א בקשה: כאָטש איך וואוין לעצטנס אין טשאַרטקאָוו, בין איך אָבער פאַרט א סקאַלער, פאַרזאָרג מיך מיט ברויט, ווייל דאָס ווייניקע וואָס דער "יודנראַט" שיקט מיר, גיט מען מיר נישט און אויף די לאַגער־קעסט אַליין קאָן איך נישט אויסהאַלטן". זינט דאַן פלעג איך אים רעגלמעסיק געבן ברויט און וואָס איך האָב געהאַט.

א קורצע צייט שפּעטער, ווען איך בין איינמאָל אין מיטן טאָג צוריקגעקומען פון לאַגער צו די לינטשיצע'ס (דאָרט האָב איך געוואוינט), האָב איך געטראָפן דאָרט הערש לינדמאַן, וואַרטנדיק אויף מיר. ווען איך האָב אים אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער סכנה צו זיין דאָ, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט חרטה אויף זיין שריט, וואָס האָט געקאָסט צען קרבנות, און ער וויל אויך אַרויסראַטעווען זיין פאָטער, וואָס ליידט דורך אים. ער וויל פאַרבייטן דעם פאָטער, נאָר ער האָט מורא, אַז דער טשאַרטקאָווער "יודנראַט" וועט אים איבערגעבן צו דער "מאַכט" אַפּיציעל; איז אים וועט מען הענגען און דעם פאָטער וועט מען נישט באַפרייען. מיר, דאַקעגן, וויל ער זיך יאָ איבערגעבן און אַז איך זאָל אַלץ דערליידיקן. איך האָב צוערשט זיך נישט געוואָלט אַריינמישן, נישט זייענדיק זיכער מיט אים. איך האָב אים געהייסן וואַרטן און דעם אַנדערן טאָג האָב איך גערעדט מיטן פאָטער און אים אַלץ דערציילט. ער (דער פאָטער) איז געווען קעגן, ווייל ער האָט געקענט די סיטואַציע. איך האָב דאַן גערעדט מיט עטלעכע לאַגער־יידן, טשאַרטקאָווער און אַנדערע, וועגן דעם ענין און אַלע האָבן מיך געוואָרנט דאָס נישט צו טאָן, ווייל אויב ער וועט זיך באַווייזן, וועלן זיי גלייך אים איבערגעבן צו די דייטשן, כדי ער זאָל מער קיין מענטשן נישט פאַראומגליקלעכן. איך וויל נאָך באַטאָנען, אַז אַזוי האָבן גערעדט שטילע, אָרנטלעכע מענטשן, וואָס איך האָב געקענט פון פאַר דער מלחמה. איינער פון זיי, א פאַראַרבייטער, האָט מיר געזאָגט:

"איר ווייסט, איך האב די מעגלעכקייט כמעט יעדן טאג צו אנטלויפן, איך טו דאס נישט, כדי אנדערע, ווי אויך מיין משפחה, זאלן נישט ליידן. מישט אייך נישט", און אזוי איז דאס געבליבן. איך האב הערשן אלץ דערציילט און אים געהאלפן צו פארלאזן בארקי.

ס'איז אויך געווען אן ענלעכער פאל מיט משה פעדער פון טלוסטע. איינמאל האט געטראפן אזא מעשה: א פאטער מיט א זון, דארפס־יידן, וואס זענען פארוואגלט געווארן קיין סקאלע און זענען דארט געכאפט געווארן בעת דער רעגיסטראציע, זענען אנטלאפן פון סטופקי־לאגער, נאר עס איז געווען א נס, וואס זייענדיק בעת מעשה אויפ'ן פלאץ, איז מיר געלונגען צו פארמיידן אן אומגליק פון דערשיסונגען, ווי אויך פון שיקן ערזאץ פאר די צוויי. און זיי, פאטער און זון, האבן איבערגעלעבט די מלחמה.

אין חודש מאי 1942, נאך איידער מען האט זיך צוגעוואוינט צו די צרות פון דער רעגיסטראציע און צו די פראבלעמען, וואס זענען אויפגעקומען, זענען געקומען צוויי פרישע קלעפ. דער ערשטער, וואס האט אפילו דעם "יודנראט" איבעראשט, איז פארגעקומען אויף פאלגנדיקן אופן: דער קאמיסאריאט פון סקאלער צאל־גרעניץ־שוץ מיט דעם רשע הערא ימ"ש האט געלאזט וויסן דעם "יודנראט", אז אין א געוויסן טאג זאלן זיך צושטעלן אלע באאמטע פון „יודנראט", "ארדנונגסדינער" און אלע באשעפטיקטע אין אנדערע צווייגן, וואס אונטערליגן דעם "יודנראט", בכדי די דייטשן זאלן וויסן, ווער עס איז באשעפטיקט און ווער נישט. צו דער אנגעגעבענער צייט האבן זיך אלע צוגעשטעלט. דער רוצח הערא האט גענומען איבערקלייבן די מענטשן און א געוויסע צאל האט ער פארהאלטן. עס האבן נישט געהאלפן קיין אינטערווענצן, ער האט די פארהאלטענע אפגעשיקט קיין טשארטקאוו אין תפיסה. ער האט אויך נאכגעשאסן און פארוואונדעט חיים יאגעט הי"ד, א יודנראט־מיטגליד. די מענטשן זענען אין טשארטקאוו געפייניקט געווארן א צוויי וואכן און ערשט נאך שתדלנות ביים קרייז „יודנראט" איז פאר א היפשן פרייז געלונגען די צוויי יודנראטס־מיטגלידער מאיר זוסיא טאבאק הי"ד, און יבדל לחיים אברהמצי בילגאָריי, וואס זענען נישט אפגעטראטן פון טשארטקאוו, אויסצוקויפן א טייל פארכאפטע. די איבעריקע זענען פארשיקט געווארן קיין קאמיאנקא, אדער ראמאנאווע סיעלא, א זייער ביטערער לאגער מיט א יידישן "מושל", ישראל'יק פון בערעזשאן, א סאדיסט. טאמער איז ווייניק געווען צוויי לאגערן איז צוגעקומען א דריטער, צו וועלכן עס זענען געבראכט געווארן די פאלגנדיקע מענטשן:

מענדל (זיאניע) קלינגער, (אויסגעקויפט אין אויגוסט 1942, אומגעקומען אין דער וואלד־אקציע)
בערל (בובי) בוגא (דארט אומגעקומען אין לאגער)
העניך וואקס, (אנטלאפן זומער 1943, אומגעקומען אין וואלד)
העניך גילעס, (אומגעקומען אין לאגער)
מוניע זאמער, (אומגעקומען אין לאגער)
שמואל וויינשטיין, (אומגעקומען אין סקאלער וואלד)
שאול וויינשטיין, (אומגעקומען אין לאגער)

כמעט אין דער זעלבער צייט איז פארגעקומען א כאפונג און די געכאפטע זענען פארשיקט געווארן קיין בארקי און סטופקי. דא זענען זייערע נעמען:

אברהם גאלדשיין, (געכאפט צוויי מאל אין לאגער: בארקי און סטופקי, און דארט אומגעקומען)
יעקב שניידערמאן, סטופקי, (דארט אומגעקומען)
שואל מוידלאוויטש, סטופקי (דארט אומגעקומען)
אברהם שווארצאפל, געכאפט צוויי מאל קיין בארקי, אנטלאפן אין 1943 (אומגעקומען אין וואלד בונקער 1944)
פישל פיש, סטופקי (אויסגעקויפט 1942, געשטארבן אין ניו־יארק)
מענדל שווארצבאך, סטופקי (דארט אומגעקומען)
שלום גאלדשיין, בארקי (דארט אומגעקומען)
ישעיה שטיינער (צוויי מאל געכאפט קיין בארקי, דארט אומגעקומען)
יהודה שטיינער, בארקי (דארט אומגעקומען)
אליעזר שטיינער, בארקי (דארט אומגעקומען)
ישראל פעקער, סטופקי (אויסגעקויפט אין סעפטעמבער 1942, היינט אין ישראל)
יעקב פליישמאן, סטופקי (דארט אומגעקומען)
ישראל דרעשער, בארקי (אנטלאפן 1943, אומגעקומען שפעטער)
משה יאוויץ, סטופקי (דארט אומגעקומען)
לייב גאטליב, סטופקי (דארט אומגעקומען)

אויף אזא אופן האבן זיך געצויגן די טעג און וואכן אין אט די לאגערן, אין וועלכע הונגער־טויט, דערשיסונגען און אנדערע מיתות משונות זענען געווען מעשים בכל יום. נעמענדיק אין באטראכט, אז אונדזערע סקאלער מענטשן זענען געווען בלויז א קליינער טייל צווישן די טויזנטער יידן וואס זענען דארט אומגעקומען, וועט אפשר מעגליך זיין זיך צו שאפן א בילד וועגן דעם, וואס עס איז באמת פארגעקומען אין דעם עמק הבכא, דעם טרערן־טאל, פון גאנצן ראיאן און פון די מוראדיקע באדינגונגען, וואס האבן דארט געהערשט. און כאטש דער מצב אינדערהיים, אין סקאלע, איז נישט געווען קיין סך בעסער, דאך איז וואך־וועכנטליך געגאנגען הילף פון דערהיים, אין פארם פון עסנווארג, מלבושים און געלט, פאר די לאגער־מענטשן. אויף דעם אופן איז געלונגען א געוויסע צאל אויסצוקויפן, אנדערע צו פארבייטן.

די ארבעט וואלט ווייטער אנגעגאנגען ארויסצורייסן מענטשן פון די חיה׳שע לאפעס, אבער דער דייטשער משחית, דער פארטיליקער, איז צוגעטראטן דורכצופירן גרויסע פארניכטונגס־אקציעס אין די שטעט. ערשטנס, כדי צו פארטיליקן יידן אין גרויסע מאסן, צווייטנס צו ליקווידירן יעדע הילפס־ארבעט פאר די לאגער־מענטשן דורך אומברענגען זייערע משפחות, און דערביי אויך צו פאראליזירן יעדע ארגאניזירטע הילף מצד דעם „יודנראט“ און צו לאזן די אומגליקלעכע צו זייער אייגענעם גורל.

אין די ערשטע טעג סוכות 1942 איז ביי אונז אין סקאלע דורכגעפירט געוואָרן די גרויסע "אַקציע" מיט דעם טרויעריקן סך הכל: 695 (זעקס הונדערט פינף און ניינציק) פאַרכאַפּטע מענער, פרויען קינדער און זקנים. די ייִנגערע, נאָך־אַרבעטס־פֿייִקע, זענען אויסגעקליבן און פאַרשיקט געוואָרן אין יאַנאָווער לאַגער. די איבריקע זענען גלייך געשיקט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן פון בעלזשעץ. 33 דערשאָסענע זענען געבליבן אויפ'ן אָרט.

עטלעכע טעג שפּעטער איז פאָרגעקומען די ליקווידאַציע פון סקאַלער יידישן ישוב און די דעפּאָרטאַציע פון די איבערגעבליבענע קיין באָרשטשעוו, צו בהדרגהדיקער פאַרניכטונג.

עס איז נאָר א ווייטיק, וואָס די גרעסטע צאָל פון די על־פּי־נס אַרויסגעראַטעוועטע פון די מערדערישע הענט אין די לאַגערן, זענען אומגעקומען שפּעטער מיט פאַרשיידענע מיתות משונות. עס האָבן נאָר איבערגעלעבט די פאָלגענדיקע:

שלום גרינבערג (היינט אין ניו־יאָרק)
אברהם טראַסאָוואָוצקי (היינט אין ניו־יאָרק)
משה זאַלצמען (געשטאָרבן אין ניו־יאָרק)
פישל פיש (געשטאָרבן אין ניו־יאָרק)
ישראל פּעקער (היינט אין ישראל)
ישראל פליישמאַן (היינט אין ניו־יאָרק)
בנימין קאַסירער (היינט אין ישראל)

# מאקס מערמעלשטיין
## (שלמה ווײדענפעלד׳ס זון)



# זכרונות פון וואלד

. . . גאט האט דיר מיט מילדער האנט
געשענקט א צווילינג:
א שחיטה מיט א פרילינג;
דער גארטן האט געבליט, די זון געלויכטן -
און דער שוחט האט געשוחטן . . .

— ח.נ. ביאליק, ׳שחיטה שטאט׳

אזוי ליגט מיר איינגעקריצט אין זכרון דער פרילינג פון 1943. ווען איך בין דעם צווייטן טאג פסח אינדערפרי, נאך דער ׳אקציע׳, ארויסגעקראכן פון דעם פינצטערן און פייכטן בונקער אין בארשטשעווער געטא, האט א ליכטיקע זון פארבלענדעט מיר די אויגן. ווען כ׳בין צוגעגאנגען צום פענסטער, פארזיכטיק פארבויגן דעם פארהאנג און ארויסגעקוקט אין גאס, האב איך דערזען א גרויסן ״סקאַרבאַווע״ וואגן געשלעפט פון צוויי פערד. אויפן וואגן זענען געלעגן אנגעווארפן, איינער אויפן צווייטן, טויטע קערפערס מיט פארגליווערטע הענט און פיס, וואס האבן ארויסגעשטעקט פון אלע זייטן, פארבלוטיקטע אברים און קליידער, מוראדיק פארקרימטע פנימער מיט אויסגעגלאצטע, אויסגעלאשענע אויגן. די פערד האבן לאנגזאם געצויגן די שוידערלעכע משא און דער וואגן האט איבערגעלאזט הינטער זיך אויפן באדן א שמאלע, רויטע סטעזשקע בלוט.

די גאסן פון באַרשטשעווער געטא זענען כמעט געווען ליידיק. נאר פון צייט צו צייט האבן זיך באוויזן גרופעס גויים מיט צעשטראלטע פנימער, וואס האבן געשלעפט פעק מיט גערויבעטע יידישן האב און גוטס.

מיט א פארקלעמט הארץ האב איך ארויסגעקוקט דורך אן אויסגעהאקטער שויב און א מילד ווינטל האט צוגעטראגן צו מיר דעם פרישן ריח פון פרילינג און פון אויפוואכנדיקער נאטור. אזוי האט אויסגעזען דער אנהויב פון סוף אין בארשטשעווער געטא. כ׳האב נאר נישט געקאנט פארשטיין, פארוואס דער הימל איז געווען אזוי בלוי און פארוואס די זון האט געשיינט אזוי ליכטיק און פארוואס א מבול פון פייער און פינצטערניש האט נישט באדעקט אט די מיאוס׳ע, עקלדיקע וועלט.

נאך דער פסח־אקציע אין בארשטשעווער געטא זענען צערונען געווארן אלע אונזערע האפענונגען און אילוזיעס וועגן א מעגלעכער אויסלייזונג דורך די זיגרייכע רויטע ארמייען. נישט געקוקט אויף דער גרויסער דייטשער מפלה הינטער סטאלינגראד, איז דער פראנט נאך געווען זייער ווייט פון אונדז און דער

שונא האט זיך דערווייל געמומען אונדז סיסטעמאטיש צו פארניכטן. יעדער איינער פון אונדז נאך לעבן־געבליבענע האט געוואוסט, אז ער איז פאראורטיילט צום טויט און אז ס׳איז נאר א פראגע פון טעג, וואכן, אדער אפשר חדשים, ביז די ריי וועט קומען אויף יעדן איינעם פון אונדז. נאר מיט חיה׳שן לעבנס־אינסטינקט האט יעדער איינער אין פארצווייפלונג געזוכט א וועג זיך צו ראטעווען, אויף צו באהאלטן זיך און אויסמיידן דעם אומברחמנותדיקן גורל. אין געטא גופא איז נישט געווען מער קיין מעגלעכקייט זיך צו ראטעווען. יעדער איינער האט געהאט א באהעלטעניש אדער א בונקער, אבער ווי די פסח־אקציע האט באוויזן, האט מען אין זיי א זיכערע און דויערהאפטע שוץ נישט געפונען. בונקערס און באהעלטענישן זענען מאסנווייז אנטדעקט און אויסגעגעבן געווארן. די לעבן־געבליבענע סקאלער שרידים אין בארשטשעווער געטא, האבן נאך דער פסח־אקציע גענומען זוכן וועגן צו ראטעווען זיך מחוץ פון געטא. כאטש די יידן איז פארבאטן געווארן צו פארלאזן דאס בארשטשעווער געטא אונטער טויט־שטראף, האבן סקאלער יידן פארט איינצלווייז און אין קליינע משפחה־גרופעס אנגעהויבן אנטלויפן פון דארט. . . . וואוהין איז מען געלאפן? ־ פארשטייט זיך, קיין סקאלע. דארט האבן א טייל געהאפט צו קאנען באהאלטן זיך ביי היימישע פויערים, אבער לכתחילה האבן זיך די מערסטע ארייגעצויגן, בגניבה, אין אייגענע, פארלאזענע, ליידיקע הייזער און געפונען צייטווייליקע שוץ אויף בוידעמער און אין קעלערס.

ערב שבועות 1943, קנאפע 6 וואכן נאך דער פסח־אקציע, האב איך אויך באשלאסן זיך ארויסצוגנבענען פון בארשטשעווער געטא, מיטן ציל זיך צוצושלאגן קיין סקאלע און צוריקשיקן פון דארטן קיין בארשטשעוו א באקאנטן פויער, ער זאל ארויסשמוגלען פון געטא מיין דעמאלט־קראנקן פאטער און אים אויך צוריקברענגען קיין סקאלע. אויפן מארק אין בארשטשעוו האב איך א געוויסן טאג געטראפן א פויער פון גושטין, וואס האט פאר א סומע געלד מסכים געווען ארויסצושמוגלען מיך פון געטא און מיט זיין פערד און וואגן, מיך צו ברענגען קיין סקאלע. מיין פאטער האט מיך באגלייט ביז צום מארק פלאץ, וואו דער פויער האט געווארט אויף מיר. מיר האבן צוזאמען נערוועז געשפאנט דורך די געטא־גאסן און ביידע געשוויגן. כ׳האב געזען טרערן אין מיין פאטערס אויגן און פארצווייפלונג. נאך מיין מוטער׳ס פטירה מיט דריי חדשים פריער, נאך אונדזער ביידנס טיפוס־קראנקהייט און די איבערלעבונגען פון די לעצטע עטלעכע וואכן זינט דער פסח אקציע, איז ער געווען אינגאנצן צובראכן. פון מיין ברודער שיקע׳ס גורל האבן מיר דעמאלט אויך גארנישט געוואוסט; און איצט איז מיין פאטער געשטאנען פארן צושיידן זיך אויך מיט מיר, זיין צווייטן און איינציקן זון. כ׳האב אנגעהויבן חרטה האבן אויף מיין באשלוס און א דערשלאגענער געפרעגט: ״וואס זאגסטו טאטע? זאל איך גיין צי ניין?״ ער האט א ווײַלע געקוקט אויף מיר מיט זיינע טרויעריקע בלויע אויגן און געענטפערט: ״טו, מיין קינד, וואס דיין הארץ הייסט דיר״. מיין הארץ האט מיר געזאגט, אז די איינציקע האפענונג צו ראטעווען זיך און אויך מיין פאטער איז אויסערן געטא.

מיר האבן זיך ארומגענומען און צעקושט און איך בין ארויפגעשפרונגען אויפן פויערישן וואגן. די פערד האבן א צי געטאן דעם וואגן

און מינוטן שפעטער, ווען איך האב אויסגעדרייט מיין קאפ אויף צוריק, האב איך נאך אלץ געזען מיין פאטער ווי ער באגלייט מיך פונדערווייטנס מיט זיין טרויערדיקן בליק. מער האב איך אים שוין נישט געזען. צומארגנס, ווען דער סקאלער פויער, וועמען איך האב געשיקט ארויסצושמוגלען מיין פאטער פון געטא, איז אנגעקומען קיין בארשטשעוו, איז דאס געטא שוין געווען ארומגערינגלט פון דייטשע און אוקראינישע רוצחים און די אזוי גערופענע "שבועות אקציע" איז שוין געווען אין פולן גאנג. דאס איז געווען צווי טעג אין חודש סיון תש"ג. פון יענעם טאג און אין משך פון א גאנצער וואך זענען אויפ'ן בארשטשעווער בית עולם אויפגעזאמלט און דערשאסן געווארן הונדערטער און טויזנטער יידן פון סקאלע, בארשטשעוו, מילניצע, אזיעראן, קאראליווקע און פון ארומיקע דערפער. די "אקציע" האט אנגעהאלטן איבער א וואך צייט מיט קורצע הפסקות פון עטלעכע שעה יעדן טאג. בעת איינער פון די הפסקות האב איך צוזאמען מיט מיין קוזין, נחמיה שטאק (וואס איז דאמלט אויך אנטלאפן פון בארשטשעוו קיין סקאלע צוזאמען מיט זיין שוועסטער מלכה) זיך צוריק אריינגעשמוגלט אין בארשטשעווער געטא. מיר האבן זיך עפעס נישט געקאנט גלויבן, אז אונדזערע באליבטע עלטערן או שוועסטער (מיין פאטער ר' שלמה ווײדענפעלד, זיין מוטער איטע שטאק און צוויי שוועסטער שרה און רישע) וועמען מיר האבן ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק איבערגעלאזט אין געטא, זענען שוין מער נישטא. דער ליידיקער און אפענער בונקער, אין וועלכן זיי האבן זיך געפרואווט אויסבאהאלטן פאר די גרויזאמע מערדער, די אויסגערויבטע שטיבער, באדעקט מיט עיפוש און פעדערן פון בעטגעוואנט, האבן באשטעטיקט אונדזער גרויס אומגליק. צעבראכענע און רעזיגנירטע פון לעבן זענען מיר ביידע צוריקגעפארן קיין סקאלע און נאר דורך א נס האט מען אונדז דעמאלט אונטערוועגס נישט געכאפט און דערשאסן.

א צייט לאנג האבן מיר זיך שפעטער ארומגעוואלגערט אין סקאלע, נאקעטע, הונגעריקע און דערשלאגענע, זוכנדיק א דאך איבערן קאפ און א פלאץ צו באהאלטן זיך אין די ליידיקע שטיבער און פוסטע בוידעמער און קעלערס פון אונדזערע אמאליקע היימען. געטראפן האבן מיר אבער דארט נאר געציילטע אנדערע אבלים ווי מיר. דער הונגער און פחד האבן אונדז געטריבן פון חורבה צו חורבה און פון בוידעם צו בוידעם. אויף דעם זעלבן הארטן און קאלטן באדן וואו מיר האבן איבערגענעכטיקט, האבן מיר מורא געהאט צו בלייבן בייטאג, און צו דעם זעלבן היימישן פויער, וואס האט אונדז איין נאכט געשענקט א ביסן ברויט, זענען מיר שוין די צווייטע נאכט מער נישט געגאנגען, טאמער וועט א שכן, אדער אפילו ער אליין, אונטערשיקן אויף אונדז די מערדער. ממש הפקר זענען געווען אונדזערע לעבנס, אז נישט איינמאל פלעגן מיר זיצן אין אונדזערע באהעלטענישן און אין הארצן מקנא זיין די היימישע שטוב־חיות, די הינט, די קעץ און די פויגל, וואס פלעגן זיך, אומפארפאלגטע, ארומדרייען אין דער ליכטיקער שיין פון טאג.

דער בלוט־דורשטיקער שונא האט אבער נישט גערוט. וויבאלד ער האט זיך דערוואוסט, אז לעבנגעבליבענע יידן באהאלטן זיך אויס אויף בוידעמער און אין קעלערס, האט ער זיך באלד גענומען אונדז נאכיאגן, נאכשפירן און

אויסשיסן. די טריט פון באשטיוולטע אוקראינישע פאליציאנטן וואס זוכן יידן, האבן בייטאג און ביינאכט אפגעהילכט אין דער קברים שטילקייט פון די סקאלער גאסן, אנזאגנדיק די דערנענטערונג פון סוף. יעדער ביקסן־קנאל, וואס האט אפגעהילכט אין דער שטילקייט, האט אונדז אנגעזאגט, אז נאך א יידיש לעבן איז אויסגעלאשן געווארן און אז דער זעלבער גורל דערווארט אויך אונדז א מינוט, א שעה, אדער א טאג שפעטער. געטריבן פון בלינדן לעבנס־אינסטינקט און פחד, האבן מיר אין מיטן פון אן אויסגעשטערנטער זומער נאכט, סוף יוני 1943, באשלאסן צו פארלאזן די סקאלער חורבות און צו אנטלויפן אין וואלד אריין ביים ראנד פון דער שטאט. וואס צו דערווארטן אין וואלד, האבן מיר נישט געוואוסט. וואו און וויאזוי מיר וועלן דארט קאנען זיך אויסבאהאלטן און עקזיסטירן, האבן מיר זיך אפילו נישט פארגעשטעלט. נאר דער בלינדער לעבנס־אינסטינקט האט אונדז אונטערגעזאגט יענע נאכט, אז די גרויסע און ברייטע שטחים פון געדיכט־באצווייגטעביימער פון וואלד וועלן אונדז אפשר באשיצן קעגן די מענטשן־חיות וואס פארפאלגן אונדז.

א קליין הייפעלע דערשלאגענע יתומים זענען מיר געווען. איינצלנע שרידים פון פארטיליקטע משפחות: איך דער יינגסטער - 17 יאר אלט; מיינע שוועסטער־קינדער נחמיה שטאק - 20 יאר אלט און מלכה שטאק - 19 יאר אלט; דארע פייערשטיין (דעם זייגערמאכערס טאכטער) - 28 יאר אלט און די ברידער שווארצבאך (די סיקעריניצער) זיוניע - 20 יאר אלט און מאירציע - 19 יאר אלט. מיר זענען געשטאנען פאר דער אפענער טיר פון אונדזער הויז און שטומע ארויסגעקוקט אין דער נאכט אריין. א שווערער אומעט האט געדריקט אויף אונדזערע צעווייטאגטע געמיטער און א צאן האט געקלאפט אין א צאן. די נאכט איז געווען א לויטערע און אויסגעשטערנטע. די טויטע יידישע גאסן און ליידיקע הייזער מיט צעפראלטע טירן און ארויסשטארצנדיקע, צעבראכענע שויבן, האבן אנגעווארפן א פחד. פון די ארומיקע גארטנס און פעלדער האט זיך געטראגן א פרישער ריח פון געשניטענע גראזן און פון אויפגייענדיקער תבואה. מיט פארטרוקנטע, פארשמאכטע גומענס און פארהאלטענע אטעמס האבן מיר זיך צוגעהערט צו די באשטיוולטע טריט פון די דייטשע און אוקראינישע נאכט - פאטרולן און צו דעם האסטיקן קלאפן פון אונדזערע אייגענע הערצער.

ווען די טריט פון די פאטרולן האבן זיך דערווייטערט און זענען פארלוירן געגאנגען אין דער נאכט־שטילקייט, און ווען די לבנה האט זיך באהאלטן אונטער א פארבייגייענדיקער כמארע, האבן מיר זיך אויף די שפיץ פינגער, איינער נאכן אנדערן, אנגעהויבן ארויסצושארן פון אונדזער געסל. ארויס פון דער "אילניצע" זענען מיר פארבייגעלאפן דעם פוסטן בית המדרש, ארונטער בערגלעך, פארביי געסלעך און חורבות און דורך די גערטנער האבן מיר זיך ארונטערגעלאזט אין טאל אריין, וואו עס שלענגלט זיך דער שמאלער וואסער־שטראם פון דער גראלניע אין זברוטש אריין.

אריבערגעשפרונגען דעם "פאָטיק", האבן מיר אנגעהויבן צו קלעטערן בארג־ארויף, אויף דער צווייטער זייט פון טאל, וואו אויפן ראנד זענען געשטאנען, איינס נעבן אנדערן, פויערישע הייזער און סטאדאלעס. פלוצלונג האבן

די פויערישע הינט אונדז דערשפירט און אנגעהויבן בילן אויף אונדז פון אלע זייטן. ליכטער האבן זיך גענומען באווייזן אין די פענסטער און טירן פון פויערישע הייזער און פארשלאפענע, בייזע קולות פון פויערים האבן זיך דערהערט אין דער פינצטערניש. א קאלטער שווייס האט מיך באגאסן. א פארסאפעטער, פון הונגער און צרות אפגעשוואכטער, האב איך געפילט, ווי מיינע גלידער ווערן פארשטארצט און ווי מיינע כוחות פארלאזן מיך. כ׳בין געבליבן שטעקן אין מיטן בארג און נישט געקאנט זיך רירן.

פלוצלונג האב איך דערהערט ווי עמיצער רופט מיך מיט א פארשטיקטער שטים און האב דערפילט אויף מיינע אקסלען די אויסגעשטרעקטע האנט פון נחמיה שטאק. ער האט מיך ארויפגעשלעפט בארג־ארויף, מיך א כאפ געטאן אונטער דער האנט און גענומען לויפן מיט מיר אוועק פון די בילנדיקע הינט און די פויערישע הייזער. וואס מער מיר האבן זיך דערווייטערט פון דאנען און געשפאנט דורך די אפענע פעלדער, אלץ שארפער און גרעסער זענען אויסגעוואקסן פאר אונדזערע אויגן די שווארצע קאנטורן פון וואלד. ביינאכט, פון דערווייטנס, האט דער וואלד אויסגעזען ווי א גרויזאמע, פרע־היסטארישע חיה, וואס ווארפט אן אנגסט אויף יעדן, וואס דערנענטערט זיך צו איר. אבער דער פחד וואס האט אונדז געטריבן צום וואלד איז געווען פיל גרעסער און ממשות׳דיקער פון די שאטנדיקע זעאונגען. ווי גיך מיר האבן געשטעלט דעם ערשטן טראט אין וואלד און זיך צוגעוואוינט צו דער אינעווייניקסטער פינצטערניש, זענען מיר, אויסגעמאטערטע פון געיעג און פון שרעק, אוועקגעפאלן אויפן הארטן, פייכטן באדן און צוגעטוליעט איינער צום אנדערן, זענען מיר צווישן בוימער און קוסטעס אנדרימלט געווארן.

עס האט געדויערט היפשע עטלעכע וואכן ביז מיר האבן זיך באקענט מיט דער וואלד־ווירקלעכקייט און זיך צוגעוואוינט צו אונדזערע נייע צרות. די טיפע נשמה־וואונדן און שוידערלעכע איבערלעבונגען, וואס מיר האבן מיטגעבראכט מיט זיך פון די בארשטשאווער געטא־הריגות און די סקאלער גאסן־עקזעקוציעס, זענען נאך געווען אזוי פריש, אז די ערשטע וואכן זענען מיר גאנצע טעג געלעגן ווי פאראליזירטע אין די געדיכטענישן פון וואלד און זיך קוים געטרויעט צו רירן. יעדער שארך פון ביימער, יעדער בלאז פון ווינט, יעדער פלאטער פון א פויגל האט ביי אונדז צוריקגעהאלטן דעם אטעם און אנגעשטרענגט די אויגן און אויערן ווי ביי פארפאלגטע חיות. דער הונגער און דארשט פון איין זייט, און די קאלטע, רעגנדיקע נעכט פון דער אנדערער זייט, האבן אונדז אבער ארויסגעטריבן, אין די נעכט, פון וואלד צו זוכן אביסל שוץ פאר די נאסע, פארגליווערטע אברים און צו געפינען עפעס אויף איינצושטילן דעם שרעקלעכן הונגער און דארשט. אין די פינצטערע נעכט פלעגן זיך די שטארקערע און מוטיקערע צווישן אונדז ארויסלאזן צום ראנד פון וואלד און פון דארט צו א היימישן פויער אויף די "מאזורן" (דערפעפר פון פוילישע קאלאניסטן וואס האבן זיך באזעצט אין גאליציע נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה) אדער אפילו אויף דער "אלטער שטאט" ביי וועמען מען האט געקויפט אדער אויסגעבעטלט א שטיקל ברויט, א טאפ געקאכטע פאסאליעס, אדער א בינטל קוקורודזע־מעל. ביינאכט

האט מען זיך אויך אנגעהויבן טרעפן מיט אנדערע לעבן־געבליבענע סקאלער יידן, וואס זענען צוערשט ניצול געווארן פון באַרשטשעווער געטא און דערנאך אנטלאפן פון סקאלע אין וואלד אריין. אזוי איז מיט דער צייט די סקאלער וואלד־קאלאניע אויסגעוואקסן פון עטלעכע צענדליק מענטשן צו א מחנה פון איבער 150 מענער, פרויען און קינדער, וואס האבן זיך צושפרייט איבער פארשיידענע רעווירן פון וואלד און זיך א צייט געקלאמערט אין אט דעם לעצטן מקום מקלט.

* * *

פון יענע ערשטע טעג אין וואלד ליגן איינגעקריצט אין מיין זכרון פארשיידענע בילדער און מאמענטן. עס ליגט מיר נאך ביז היינט אין די ביינער דער "טעם" פון די לאנגע, רעגנדיקע נעכט און פון די צום לייב צוגעקלעבטע, קאלטע און נאסע בגדים. מיר ליגן צוגעטוליעט איינער צום צווייטן און בעטן שטיל רחמים ביי די הימלען זיי זאלן שוין אויפהערן גיסן און פליוכען. ס'איז נאס און קאלט אויף דער נשמה און מורא'דיק האפנונגסלאז. דאס הארץ קלעמט פון הונגער און די פארגליווערטע ליפן לעכצן נאך א לעפל געקעכץ. מיר קענען נישט אנטשלאפן ווערן אין דער נעץ און זוכן שוץ אויף עטלעכע שעה ביים ראנד פון וואלד אין א פארלאזענעם, שטרויענעםביידל פון וואלד־וועכטער. ווי גיך דער הימל הויבט אן בלויען, פארלאזן מיר דאס ביידל און גייען צוריק אין דער נאסער געדיכטקייט פון ביימער, צווייגן און בלעטער. עס הויבט אן טאגן און א שעמעוודיקע פרימארגן־זון באווייזט זיך צווישן די צווייגן. מיר הויבן אן אויסצודרייען דאס וואסער פון אונדזערע בגדים און זיי לאנגזאם טריקענען אויף דער זון. די ליידיקע מאגנס האלטן אין איין מאנען זייערס מיט עקשנות און דער פחד פארן אומבאקאנטן וואלד פאראליזירט דעם מוח און די אברים.

מיר קוקן זיך איבער אין פארצווייפלונג און פרעגן זיך שטומערהייט: וואס וועט זיין ווייטער? נחמיה גיט אונדז דעם ענטפער: ער הויבט זיך אויף פון נאסן באדן, ווארפט ארויף אויף די פלייצעס די דורכגעווייקטע קורטקע און פארשווינדט צווישן די ביימער. וואוהין ער איז אוועק ווייסן מיר נישט. מיר ליגן מיט פארקלעמטע הערצער און ווארטן אויף אים מיט אנגעשפיצטע אויערן. מיר ווארטן לאנג אויף אים. יעדע מינוט דאכט זיך אונדז אויס צו זיין א שעה און יעדע שעה אן אייביקייט. ענדלעך דערהערן מיר א גערויש פון געשטויסענע צווייגן און בוימער און באלד באווייזט זיך אויך נחמיה. ער שווייגט און נעמט ארויס פון אונטער דער קורטקע א בינטל פון פויערישן געוואנט, גרויס ווי א הויפטל קרויט. ער דעקט אויף דעם געוואנט און מיר דערזעען פאר זיך א רונדן, קאלטן קאלעשע־קוגעל. עמיצער דערלאנגט אים א טאשן־מעסערל און נחמיה צושניידט מעטאדיש דעם קאלעשע־קוגעל אויף קליינע דריי־עקיקע פענעצלעך, ווי מען צעשניידט א חתונה־טארט. מיט ציטערנדיקע פינגער נעמט יעדער איינער פון אונדז א פענעצל קאלעשע, גרויס ווי א ביסן, און שלינגט אים שנעל אראפ. דאס איז געווען אונדזער ערשטער מאלצייט אין וואלד.

* * *

פון געטא איינוואוינערס זענען מיר אין א קורצער צייט פארוואנדלט געווארן אין וואלד מענטשן. די נאטור, וואס איז לכתחילה געווען זייער הארב צו אונדז האט זיך ארויסגעוויזן צו זיין פיל מילדער און בעסער ווי די מענטשן־חיות וואס האבן אונדז גערודפט. מיר האבן זיך לאנגזאם באקענט מיטן וואלד און מיט דער צייט איז אונדז יעדער וועג און שטעג געווארן היימיש. אויך די וואלד־חיות און פייגל האבן זיך צוגעוואוינט צו אונדז און האבן אונדז טאלערירט, מחמת מיר האבן זיי קיינמאל קיין שלעכטס נישט געטאן. פון די וואלד פייגל האבן מיר זיך אפגעלערנט נאכצומאכן זייערע משונה׳דיקע קולות און דאס גענוצט אויף צו געבן זיך סיגנאלן און סימנים אין די טיפענישן פון וואלד, ווען מיר האבן גערופן אדער געזוכט איינער דעם צווייטן.

אין פארשיידענע טיילן פון וואלד, געוויינלעך אין די געדיכטענישן פון יונגע הראבעס אדער סאסנע־ביימער, האבן מיר אין די זומער־חדשים אויפגעשטעלט פרימיטיווע "סוכות" און באהעלטענישן, אין וועלכע מיר האבן געפונען א ביסל שוץ פון די רעגנס און קאלטע נעכט. גלייכצייטיק האבן מיר אויפגעבויט א ריי פארמאסקירטע, אונטערערדישע בונקערס אויף צו באהאלטן זיך אין אן עת־צרה. אויף דעם געביט זענען מיר שוין געווען דערפארענע מומחים, ווייל די מלאכה האבן מיר געהאט געלערנט צוערשט אין סקאלע און נאכדעם אין בארשטשעווער געטא. אונדזער דערפארונג איז שנעל צוגעפאסט געווארן צו די וואלד־אומשטענדן און די בונקערס, וואס מיר האבן אויפגעבויט, זיינען יעדער איינער, געווען גרויס גענוג פאר 6 ביז 10 מענטשן. זיי האבן געהאט פארשטעלטע ווענטילאציע־לעכער, קליינע פייער־לעכער אויף צו קאכן ביינאכט, און דער עיקר, זיי זענען געווען אזוי גוט פארמאסקירט מיט ביימער, בלעטער און צווייגן, אז ס׳איז שווער געווען זיי צו באמערקן. דאס בויען פון באהעלטענישן און אונטערערדישע בונקערס אין פארשיידענע טיילן פון וואלד, איז געווען כמעט א שטענדיקע באשעפטיקונג פון אונדזער גרופע, ווייל אונדזערע פירער, חיים גאטעספעלד און יבל"א נחמיה שטאק זענען געווען זייער פארזיכטיק און האבן פארשטאנען, אז ס׳איז געפערלעך צו בלייבן א לאנגע צייט אויף דעם זעלבן ארט. יעדע עטלעכע וואכן פלעגן מיר דערפאר איבערוואנדערן פון איין עק וואלד צום צווייטן און פון איין באהעלטעניש צום צווייטן. מיר פלעגן זיך אויך היטן פון מאכן פייער אין די פלעצער אין וועלכע מיר האבן זיך אויסבאהאלטן, ווייל דער שטייגנדיקער רויך האט געקאנט באמערקט ווערן פון דערווייטנס. אפטמאל, ווען מיר האבן געהאט אנגעזאמלט וואלד־שוואמען אדער געקראגן אביסל קוקורודז־מעל פון א פויער, פלעג איך זיך אוועקלאזן טיף אין וואלד אריין און אין אן אלטן שאנץ, א שוץ גרובן, מאכן א פייער און דארט אפקאכן אביסל געקעכץ. אין די ווינטער חדשים, ווען דער וואלד איז געווען איינגעהילט אין שניי און ס׳איז געווען סיי געפערלעך, סיי אוממעגלעך זיך צו באוועגן, פלעגן מיר נאר קאכן אין די נעכט, פארשטייט זיך ווען ס׳איז געווען וואס צו קאכן.

נישט אלע יידן אין וואלד זענען אבער געווען אזוי פארזיכטיק און אפגעהיט ווי אונדזער גרופע. א סך האבן אין וואלד באקומען א געפיל פון פאלשער זיכערקייט, גלויבנדיק, אז די דייטשן און זייערע אוקראינישע

מיטהעלפּפערס וועלן זיך נישט געטרויען צו גיין זוכן יידן אין די וועלדער. א געוויסע צייט און צו א געוויסער מאָס איז דאָס טאַקע געווען ריכטיק. אַנדערע, ווידער, ווי למשל מיין טייערער שכן הערש שוואַרצבאַך, האָבן געגלויבט, אַז אין די ענדלאָזע וואַלד שטרעקעס פון געדיכטע ביימער און צווייגן וועט מען אונדז נישט קאָנען געפינען און כאַפּן. עד היום געדענק איך נאָך ווי הערש שוואַרצבאַך האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז "יעדעס בוימעלע האָט א טירערלע" דורך וועלכן מען קאָן אַנטלויפן. מחמת את די פאַלשע געפילן פון זיכערקייט האָבן א סך יידן אין וואַלד נישט צוגעגרייט פאַר זיך קיין באַהעלטענישן און בונקערס, האָבן זיך כסדר אויפגעהאַלטן אין גרויסע גרופּעס אויף די זעלבע פּלעצער, זיינען נישט אָפּגעהיט געווען מיט מאַכן פייער בייטאָג און מיט פיל אַנדערע זאַכן. ווען דאָס אומגליק איז געקומען אין וואַלד אַריין, האָבן זיי נעבעך אַלע באַצאָלט מיט זייערע לעבנס.

ווען נישט דער הונגער, וואָס האָט אונדז שטענדיק אַרויסגעטריבן פון אונדזערע באַהעלטענישן און פון וואַלד, וואָלט אונדזער מערכה אין וואַלד געווען א פאַרהעלטעניסמעסיק "לייכטע". נישט איינמאָל פלעגן מיר איבערערעדן צווישן זיך ווי לייכט עס וואָלט געווען זיך אויסצובאַהאַלטן אין די וועלדער און בונקערס ווען מיר וואָלטן געקאָנט קריגן זאַפּאַסן פון שפּייז און וואַסער. דער געראַנגל צו שטילן דעם שטענדיקן הונגער אין וואַלד און אויף צו דערהאַלטן דאָס חיות איז אָבער געווען אונדזער טאָג־טעגלעכע מערכה. בלויז געציילטע סקאַלער יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד, האָבן נאָך געהאַט מיט זיך אַביסל געלט, אָדער ווערט־זאַכן, כדי צו קאָנען קויפן ברויט ביי גויים, הגם דאָס אַרויסגיין פון וואַלד און זיך צו לאָזן צו די פּויערים, אויף די "מאַזורן", איז אויך געווען פאַרבונדן מיט דער גרעסטער לעבנס־סכנה. די מערסטע סקאַלער יידן זענען אָבער אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין מיטן לעצטן העמד, אָן געלט, אָן ווערט זאַכן, נאַקעט, באָרוועס און הונגעריק. דער וואַלד איז געווען זייער לעצטע ברירה. זיי האָבן נישט געהאַט מער קיין אַנדערן פּלאַץ וואוהין צו גיין. אין די וואַרעמע זומער חדשים האָט מען זיך נאָך ווי עס איז אַן עצה געגעבן. הונגעריקע וואַלד־יידן פלעגן זיך אַרויסלאָזן אין די נעכט צו באַקאַנטע סקאַלער פּויערים און אויסבעטלען, קויפן, אָדער אויסבייטן א ווערט זאַך, אָדער א לעצטע שמאַטע אויף א ברויט אָדער אַביסל מעל. פון די אָפענע פעלדער און סעדער פלעגן אויך יידן, אין די נעכט גנבענען אַביסל קאַרטאָפל און גרין אויבסט, כדי צו שטילן זייער הונגער. מיין קוזינע מלכה, למשל, פלעגט אין די זומער חדשים שטריקן אין וואַלד סוועטערס פאַר אייניקע פּוילישע פּויערים, פון די "מאַזורן", און אַזוי אַרום פאַרדינען א ברויט, אָדער א פלאַש מילך. אַגב, דאַרפן דאָ דערמאַנט ווערן לשבח די מערסטע פּוילישע פּויערים פון די "מאַזורן" (א קליינע קאָלאָניע ביים ראַנד פון וואַלד) און דער אוקראַינישער וואַלד־וועכטער ראַדטשוק מיט זיין פרוי, וואָס האָבן נישט געקוקט אויף דער סכנה, וואָס האָט אויך אויף זיי געלויערט מצד די דייטשן, אָפּט אַרויסגעוויזן צו אונדז רחמנות און סימפּאַטיע און האָבן מיט זייער הילף, דערמעגלעכט אונדז, די אין וואַלד באַהאַלטענע צו בלייבן לעבן. ווען נישט את די חסידי אומות העולם, וואָלט קיין איין ייד נישט לעבן־געבליבן אין וואַלד.

דער הונגער, די קעלט, דער פחד און פארוואָרלאָזטקייט פון יידן אין וואַלד האָבן זיך באַזונדערס שווער אויסגעווירקט אויף די עלנטע, די אַליין־געבליבענע, הילפלאָזע פרויען, קינדער, אַלטע און שוואַכע. ווען דער ביטער־קאַלטער האַרבסט און ווינטער האָבן זיך אָנגערוקט, זענען אָט די אומגליקלעכע, עלנטע מענטשן געוואָרן די ערשטע קרבנות. אייניקע זענען אין וואַלד פאַרפרוירן געוואָרן, אַדער זענען פאַמיילעך אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט. אַנדערע האָט דאָס ווינטער וועטער פאַרטריבן פון וואַלד און זיי האָבן זיך אַ צייט־לאַנג אַרומגעוואַלגערט אין די חורבות פון סקאַלער יידישע הייזער, אויף בוידעמער און אין קעלערס, ביז אוקראַאינישע רוצחים האָבן זיי געכאַפּט און דערשאָסן, אַדער ביז זיי זענען אויך אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט. עד היום ווייסט נישט קיינער גענוי ווי אַזוי עטלעכע סקאַלער זענען אומגעקומען און וואו זייער געביין געפינט זיך.

דאָס לעבן אין וואַלד האָט אָבער, נישט געקוקט אויפן הונגער, קעלט און אונדזער אַלגעמיינער האָפנונגסלאָזיקייט, געהאַט אויך "פּאָזיטיווע" מאָמענטן. נאָך די פינצטערע און שטיקנדיקע געטאָ־בונקערס, טוכלע, קאַלטע קעלערס און צעהיצטע בוידעמער, אין וועלכע יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, צוערשט אין סקאַלע און שפּעטער אין באַרשטשעוו, איז דער וואַלד אין אַ געוויסער מאָס געוואָרן אַ פאַרלייכטערונג און אָנטשפּאַנונג. די שימערירנדיקע, גרינע ביימער אונטער ברייטע, בלויע הימלען, די פרישע שמעקנדיקע גראָזן און בלומען און די זינגענדיקע פייגל האָבן געווירקט ווי אַ באַלזאַם אויף אונדזערע צעווייטאָגטע הערצער. די פרישע, שאַרפע וואַלד־לופט, די ליכטיקע, וואַרעמע זון, די מילדע, זומערדיקע דרום־ווינטן און די אילוזיע פון פרייהייט אין דער נאַטור, האָבן אונדז, בעיקר אין די זומער חדשים, פיזיש געשטאַרקט און דערוועקט אין אונדז פונקען פון האָפנונג. אַסך האָבן אויך בייגעטראָגן דערצו די רוסישע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין וואַלד. די דאָזיקע פּאַרטיזאַנער פלעגן דאַן אין קליינע גרופּעס פון 4־5 מענטשן זיך אָפּשטעלן אין אונדזער וואַלד,אויפן וועג צוריק קיין רוסלאַנד. איך געדענק מיט וויפל באַוואונדערונג און ליבשאַפט מיר האָבן זיי באַקוקט און ווי שטאַרק מיר האָבן זיי מקנא געווען אויף זייערע אויטאָמאַטישע ביקסן. בדרך כלל האָבן אונדז די רוסישע פּאַרטיזאַנער געזוכט אויסצומיידן, און יונגעלייט וואָס האָבן זיך געוואָלט צו זיי אָנשליסן, האָבן זיי אָוועקגעטריבן פון זיך. בלויז צוויי פון אונדז, שמואל אויגענבליק (פון גושטין) און משה זאַלצמאַן, האָבן באַוויזן זיך אָנצושליסן אין איינער פון די פאַרבייגייענדיקע גרופּעס. שמואל אויגנבליק האָט מיטגעקעמפט מיט זיי קעגן די דייטשן אויף פאַרשיידענע פראָנטן און איז ערשט נאָך דער באַפרייאונג פון סקאַלע צוריקגעקומען אין שטעטל.

אין די באַוואָפנטע רוסישע פּאַרטיזאַנער האָבן מיר דערזען די ערשטע שוואַלבן פון פרייהייט. זיי האָבן אָנגעפילט אונדזערע הערצער מיט פרישער האָפנונג און האָבן גלייכצייטיק אָנגעוואָרפן אַ פחד אויף די אָרטיקע אוקראַאינישע און דייטשע מערדערס, וואָס האָבן צוליב זיי נישט געוואָגט אַ צייט לאַנג אַפילו צו דערנענטערן זיך צום וואַלד.

אחוץ די רוסישע פארטיזאנער, האבן מיר אין א שיינעם זומער־טאג אויך באגעגנט אין וואלד א גרופע פון אונדזער אייגענער יידישער פארטיזאנער אפטיילונג ־ די אזוי גערופענע "אשענדארף־יונג־באנדע", וואס איז געגרינדעט געווארן אין בארשטשעווער געטא און איז טעטיק געווען אין ציגאנער וואלד ביז דעצעמבער 1943. אין דער גרופע זענען אויך געווען אונדזערע צוויי סקאלער בחורים: יוסף שווארצבאך און שמערל יעבץ. די אנדערע זענען געווען בארשטשעווער און מילניצער. א טייל פון זיי האבן געטראגן דייטשע מיליטערישע מונדירן און כמעט אלע זענען געווען באוואפנט מיט ביקסן און רעוואלווערן. וועגן זייער טעטיקייט און העלדישן סוף ווערט דערציילט אין „ספר מלחמות הגיטאות" אין קאפיטל „הכנופיה היהודית" זייט 666־667 און אין „מלחמת הפרטיזנים היהודים במזרח אירופה" פון משה כהנוביץ (זייטן 240־242). די מוטיקע, אנטשלאסענע פנים'ער פון אונזערע בחורים מיט געווער אין די הענט האבן דערהויבן אונדזערע דערדריקטע געמיטער און אנגעצונדן אין אונדזערע הערצער פייערלעך פון האפנונג. א לאנגע צייט זענען מיר געשטאנען אין וואלד מיט אונדזערע יידישע פארטיזאנער, געהערט זייערע קאמפס־שילדערונגען, אנגערירט און געגלעט מיט באוואונדערונג זייערע ביקסן און שטילערהייט געחלומט וועגן דעם טאג פון נקמה און פרייהייט.

* * *

אין זומער פון 1943, נאך דער גרויסער דייטשער מפלה ביי סטאלינגראד האבן די סאוויעט־רוסישע ארמייען, לענגאויס דעם מזרח פראנט, און פארטיזאנער פון הינטערלאנד געהאלטן אין איין דריקן אויף די דייטשן און זיי פאראורזאכט גרויסע פארלוסטן. דאס באווייזן־זיך פון פארטיזאנער אויך אין אונדזער געגנט, און די ידיעות, וואס די דייטשן האבן זיכער געהאט וועגן די יידן, וואס דרייען זיך ארום פריי אין וואלד, האבן זיי, ווייזט אויס אלארמירט און באוואויגן צו האנדלען.

אין א שפעטן זומער־טאג האט זיך באוויזן איבערן וואלד א קליינער דייטשער אויסשפיר עראפלאן. ער האט נידעריק ארומגעקרייזט איבער די שפיצן ביימער און אראפגעווארפן עטלעכע גראנאטן וואס האבן עקספלאדירט מיט א גרויסן קראך, אבער האבן קיינעם נישט געטראפן. מיט עטלעכע טעג שפעטער האבן מיר באמערקט אין וואלד אן אומבאקענטן, מאדנע־אנגעטוענעם פויער מיט א האק אין האנט. ער האט געמאכט אן אנשטעל פון א האלץ־העקער און האט פארפירט שמועסן מיט יידן, וואס ער האט געטראפן. אין אמת'ן איז ער געווען א דייטשער אגענט. פארשיידענע קלאנגען האבן זיך אין יענער צייט דערטראגן צו אונדז און די שטימונג אין וואלד איז געווען א געשפאנטע.

בערך א וואך ערב ראש השנה תש"ד, אין א ווארעמען אלול פרימארגן, האבן גרויסע דייטשע ארמיי־אפטיילונגען ארומגערינגלט דעם סקאלער וואלד. מיט אויסגעשטרעקטע באיאנעטן האבן געדיכטע רייען פון דייטשע סאלדאטן סיסטעמאטיש געצומען "קעמען" דאס וואלד. מיר האבן קוים באוויזן ארייננצולויפן אין אונדזערע בונקערס און מיר האבן שוין געהערט זייערע באשטיוולטע טריט איבער אונדזער בונקער און דאס קנאלן פון זייערע ביקסן. די

פון אונדזער גרופע, וואס האבן באוויזן ארייַנצולויפן אין די בונקערס זענען ניצול געווארן. אנדערע זענען לויפנדיק דערשאסן געווארן, אדער זענען פון די דייטשן געכאפט און פארשיקט געווארן אין קאנצענטראציע לאגערן, פון וועלכע קיינער איז מער נישט צוריקגעקומען.

די שיסערייען אין דער וואלד־אקציע האבן געדויערט א גאנצן טאג און ביז די נאכט איז צוגעפאלן און ס'איז איינגאנצן שטיל געווארן, האבן מיר זיך נישט געטרויעט ארויסצוגיין פון די בונקערס. אונדזער גרופע האט געהאט צוויי בונקערס: איינעם אין א שוץ־גרובן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און א צווייטן עטלעכע הונדערט מעטער ווייטער אין א געדיכטן וועלדל פון יונגע סאסנע ביימער. מיט מיר אין ערשטן בונקער זענען געווען מלכה שטאק, יוסף בלוטשטיין מיט זיין פרוי, שרה און זייער 4־יעריק מיידעלע, און חיים גאטעספעלד מיט זיין פרוי בלימע און זייער צוויי און א האלב יאריק מיידעלע ביילע. ווי די קינדער וואלטן באנומען די גרויסע סכנה, האבן זיי זיך די גאנצע צייט פארהאלטן שטיל און זענען כמעט דעם גאנצן טאג געשלאפן. אין צווייטן בונקער האבן זיך אויסבאהאלטן און זענען דעמאלט ניצול געווארן אברהם און שרה פרענקעל, פרידא פרענקעל און אירע טעכטער ריטא און מירא, משה דונאיער, די פרוי שרענצעל מיט איר טעכטערל און נחמיה שטאק. אחוץ אין די בונקערס זענען דעמאלט פון אונדזער גרופע אויך, על פי נס, ניצול געווארן פיניע פרענקעל און יבל"א ריווע שווארצבאך מיט אירע קינדער סוזיע, דוד, און א צווילינג. אנדערע, וואס האבן נישט באוויזן ארייַנצולויפן אין די בונקערס, זענען דורך די דייטשן דערשאסן געווארן. ס'האט געדויערט עטלעכע טעג נאך דעם פאגראם ביז מיר האבן אין די געדיכטעניש פון וואלד געפונען אונדזערע הרוגים און זיי מקבר געווען צווישן יונגע סאסנעס. קודם האבן מיר געפונען די קערפערס פון שלמה בלוטשטיין (באקאנט מיטן צונאמען אוימע קאפעלער) און מוניע שרענצעל. דעם צווייטן טאג ראש השנה, נאכגייענדיק דעם ריח פון טויטע קערפערס האבן מיר געפונען הינטער א סאסנע־בוים די קערפערס פון יוליק פרענקעל און פון דער 11 אדער 12 יאריקער יתומה'לע פאנציע טענענבוים. די קערפערס פון הערש שווארצבאך און מיין ליבן חבר מאקס שווארצבאך זענען ביים ראנד פון וואלד, וואו זיי זענען פון דייטשע קוילן געפאלן, באערדיקט געווארן דורך פויערים.

אין די אנדערע טיילן פון וואלד, וואו עס האבן זיך פארהאלטן די מערסטע סקאלער שרידים, האבן די דייטשן כמעט אלעמען פארכאפט, אדער אויסגעשאסן, ווייל קיין בונקערס און באהעלטענישן זענען דארט נישט געווען.

נאך דער בלוטיקער וואלד־אקציע זענען אונדזערע דערוועקטע האפנונגען אויף איבערצולעבן דעם נאצי־קאשמאר, ווידער גרויזאם צעטראטן געווארן. די הארבסט־רעגנס און קעלטן האבן נאך מער פארגרעסערט אונדזער פארצווייפלונג און האפנונגסלאזיקייט. מיר האבן אבער נישט געהאט קיין ברירה און קיין אויסוועג. די נאקעטע ביימער און דער זיך־אנרוקנדיקער ווינטער האבן אונדז געטריבן צו זוכן שוץ אונטער דער ערד, שוץ פאר דער מערדערישער בעסטיע און פאר דעם הארבן פאדאליער ווינטער. אין דער מיט פון דער אזוי־גערופענער "שייבע" אין סקאלער וואלד, צווישן געדיכטע און נידעריקע סאסנע־

ביימער, וואס האבן אין ווינטער נישט פארלוירן זייערע נאדלען, האבן מיר זיך אין הארבסט פון 1943 גענומען בויען אונטערערדישע בונקערס. ארבעטס־כלים האבן פאר אונדז געהאט אויסגעבארגט עטלעכע פויערים פון די "מאזורן". טעג נאכאנאנד, אין הונגער, קעלט און פחד, האבן מיר געארבעט ביז מיר האבן אויסגעגראבן דריי גרויסע פיר־עקיקע גריבער פון אנדערהאלבן ביז צוויי מעטער די טיף. אין א צווייטן טייל פון וואלד האבן מיר אין די נעכט אויסגעהאקט יונגע, הראבענע ביימער און באדעקט מיט זיי די גריבער, ווי מען באדעקט סוכות מיט סכך, אנגעווארפן אויף זיי בלעטער און ארויפגעשארט אויף זיי א טיפן שיכט ערד. דערנאך האבן מיר פון אויבן צוריק פארפלאנצט די סאסנע בוימער, וואס זענען דארט פריער געשטאנען, און באדעקט דעם באדן צווישן די ביימער מיט דעם זעלבן ברוינעם "טעפיך" פון מאסן סאסנע־שפילקעס. א קליין פענסטערל דורך וועלכן א מענטש האט קוים געקאנט דורכקריכן, האט געדינט אלס איינציקער ארייַנגאנג אין בונקער און הויפט־קוואל פון ליכט און לופט. אינעווייניק איז דער פייכטער באדן פון בונקער באדעקט געווארן מיט טרוקענע בלעטער און שמאטעס. אזוי ווי די ענגשאפט איז געווען זייער גרויס, ווייל יעדער איינער האט נישט געהאט מער פלאץ אויף צו ליגן ווי 25־30 סענטימעטער, איז אין בונקער שטענדיק געווען ווארעם. אין בונקער האט מען בלויז געקאנט ליגן, אדער זיצן איינגעבויגן. אויפצושטעלן אדער צו באוועגן זיך איז נישט געווען קיין פלאץ.

אין אקטאבער 1943 האבן מיר זיך אריינגעצויגן אין די ווינטערדיקע בונקערס. אין די קומענדיקע וואכן און חדשים זענען צוגעקומען צו אונדזער אונטערערדישער קאלאניע אנדערע סקאלער, וואס האבן געמוזט פארלאזן זייערע באהעלטענישן אין שטאט, אדער ביי גויים, און אנטלויפן אין וואלד אריין. בסך־הכל האט אין ווינטער פון 1943 אונדזער אונטערערדישע וואלד־קאלאניע געציילט 28 נפשות און צווישן זיי זענען, אחוץ דעם שרייבער פון די שורות, געווען די פאלגענדיקע:

1. נחמיה שטאק
2. מלכה שטאק
3. משה דונאיער
4. יהודית שרענצל
5. פישל פיש
6. שרה פרענקעל
7. פיניע פרענקעל
8. לעאן (ליאבע) שטאכעל
9. עטיע שטאכעל
10. מוניע שטאכעל
11. שמואל שטאכעל
12. גיזיע שטאכעל
13. פריידע פרענקעל
14. מירע פרענקעל
15. ריטע פרענקעל
16. חיים גאטעספעלד
17. בלימע גאטעספעלד
18. ביילציע גאטעספעלד
19. בנציון קליינמאן
20. מעניע שאפירא (שפעטער קליינמאן)
21. ישראל פליישמאן
22. יוסף בלוטשטיין
23. חיה שרה בלוטשטיין
24. מאיר בלוטשטיין
25. שיינדל בלוטשטיין
26. שלום גרינבערג
27. עדזי רייניש (פון בארשטשעוו).



שלושה שנצלו מהשואה ביער ע"י סקאלה: מימין לשמאל נראים: המחבר ודודוניו— מלכה ונחמיה שטוק

*Three who survived the holocaust in the forest near Skala. Seen from left to right in this 1946 photo are: the author and his cousins Malcia and Nechemia Stock.*

פון דער ענגשאפט, שמוץ און הונגער זענען מיר פארוואראלאזט געווארן און א טייל פון אונדזער טעגלעכער רוטין אין די בונקערס איז געווען צו "רייניקן" זיך און די שמאטעס, וואס מיר האבן געטראגן. איינמאל א וואך, ביינאכט, פלעגט אן עקספעדיציע פון 3־4 מענער, איינער פון יעדער משפחה, זיך ארויסלאזן פון די וואלד־לעכער און גיין צו די "מאזורן", אדער צום וואלד־וועכטער ראדטשוק אויף צו קריגן וואסער און ברויט. יעדע אזא עקספעדיציע איז געווען לעבנס־געפערלעך. קודם כל פאר די וואס זענען געגאנגען און דאן אויך פאר די וואס זענען געבליבן אין די בונקערס, ווייל די רוצחים און זייערע משרתים האבן שטענדיק געלויערט אויף אונדז. יעדער שריט און יעדע באוועגונגביים ארויסגיין פון בונקער און פון וואלד און דאס אריינגיין צו א פויער, אדער וואלד־וועכטער, האבן געמוזט געמאכט ווערן מיט דער גרעסטער פארזיכטיקייט. ארויסגייענדיק פון וואלד־טייל, אין וועלכן אונדזערע בונקערס זענען געווען, האט מען געמוזט זארגן, אז קיין שפור זאל נישט איבערגעלאזט ווערן. צוקומענדיק צו די "מאזורן" האט מען זיך אין דער פינצטערניש צוגעהערט פונדערווייטנס צי אלץ איז דארט רוהיק און צי די הינט בילן ניט מער ווי געוויינלעך, ווארום ווען די הינט האבן שטארק געבילט, איז דאס געווען א סימן אז פרעמדע (אפטמאל די אוקראינישע מערדער־פאליציאנטן,אדער דייטשן) דרייען זיך דארט ארום. ווידער אז מען איז געגאנגען צו ראדטשוקן, האט מען געמוזט פארזיכטיק זיין איידער מען איז אריינגעגאנגען אין זיין שטוב, ווייל אפטמאל פלעגט ער אויך האבן ביי זיך געפערלעכע "געסט". ווען אזעלכע "געסט" פלעגן זיין ביי אים אין שטוב, פלעגט ער אונדז ווארענען לויט דעם אפגעמאכטן סימן און ארויסשטעלן א מעל־זיפּ אין פענצטער. אט דער פשוטער און ארעמער וואלד־וועכטער און זיין פרוי האבן אונדז אין די שווערסטע ווינטער־חדשים ממש דערהאלטן ביים לעבן, דערמיט וואס זיי האבן אונדז צוגעשטעלט דאס ביסל ברויט מיט וואסער און דערביי אונדז אויך געשוינט פון די מערדערס.

באזונדערס געפערלעך און שווער זענען געוואָרן די נאכט־עקספעדיציעס אין די ווינטער־חדשים, ווען דער וואלד איז באדעקט געווארן מיט

א ווייסער שניי־דעק און יעדער טריט אין שניי האט איבערגעלאזט טיפע מענטשלעכע שפורן. אויך דערצו האבן מיר אבער געפונען אן עצה. כדי נישט איבערצולאזן הינטער זיך קיין שפורן אויפן שניי ביים ארויסגיין פון בונקער און ביים צוריקקומען, האבן מיר צוגעגרייט זעקלעך מיט שטרוי, זיי אויסגעלייגט פאר זיך אויפן שניי און מיט דער הילף פון שטעקנס, ווי אויף שטאלצן, געשפאנט איבער זיי. נאך יעדן שריט, שטייענדיק אויף איין זאק שטרוי, האבן מיר א צווייטן זאק געלייגט פאר זיך און אזוי לאנגזאם, שפאנענדיק פון זאק צו זאק, זענען מיר צוגעקומען פון אונדזערע בונקערס, פון די וואלד־טיפענישן, צום אויסגעטרא־טענעם וואלד־וועג און פון דארטן שוין ווייטער געשפאנט אן זעק.

דאס ברויט און אמאל אויך אנדערע לעבנסמיטל, וואס מען האט באוויזן צו קריגן ביי די גויים, זענען פארזיכטיק און שטרענג ראציאנירט געווארן, ווייל אפטמאל האבן די מאגערע זאפאסן געדארפט דויערן אויף צוויי, אדער דריי וואכן דורכאנאנד. אין פארלויף פון לאנגע ווינטער חדשים איז אונדזער טעגלעכע דיעטע באשטאנען פון טרוקענע, ראציאנירטע פענעצלעך פון ראזעווע ברויט, וואס איז אפטמאל געווען האלב־רוי, אדער האלב פארשימלט. אויך וואסער איז געווען ראציאנירט, ווייל נישט מיר האבן געהאט די כלים און נישט מיר האבן געקאנט ארייינברענגען פון דרויסן גענוג וואסער אין די בונקערס.

צוזאמען מיט די מאגערע לעבנסמיטלען, וואס יעדע עקספעדיציע האט צוריקגעבראכט אין די בונקערס, זענען אבער אפט מיטגעבראכט געווארן אויך גוטע נייעס וועגן די דייטשע מפלות. מיר האבן זיך לאנגזאם דערוואוסט, אז אונדזער בלוטיקער שונא ווערט באזיגט און צעשמעטערט אויף די שלאכט פעלדער. אבער צי מיר וועלן דערלעבן צו זען זיין מפלה, האבן מיר נישט געוואוסט.

ס'איז זייער שווער געווען צו האפן און צו טרוימען וועגן אונדזער באפרייאונג און נישט איינמאל פלעגן מיר פרעגן זיך אליין פארוואס זאל דער גורל דווקא אונדז אויסוויילן צו זיין די אויסדערוויילטע? מיט וואס זענען מיר בעסער פון אונדזערע מאמעס, טאטעס, ברידער און שוועסטער, וואס זענען אזוי' אומברחמנות'דיק אומגעבראכט געווארן פאר אונדזערע אויגן? אט די פראגן האבן שטענדיק געעקבערט אין אונדזערע מוחות און דערדריקט אונדזערע שווערע און ביטערע געמיטער.

אבער נישט שטענדיק האבן מיר געקענט זיין אין א מרה־שחורה'דיקער שטימונג. אפילו אין די אפגרונטן פון בונקער, ווען אונדזערע לעבנס האבן געהאנגען אויף א האר, האבן מיר אפטמאל מיט כוח גענומען פארטרייבן דעם אומעט. מיר האבן זיך געפרואווט וויצלען, מיר האבן געזונגען פאלקס־לידער און סתם געשמועסט. איינער פון די פאפולערע בונקער־דיאלאגן איז געווען אזוי: "וואס וואלסטו, למשל, היינט געוואלט עסן פאר אוונט־ברויט, אפאר געפרעגלטע אייער מיט פרישע זעמעלעך מיט פוטער, אדער גרויסע, גענדזענע גריוון אויף א הייסן טעלער קארטאפל?" יעדער איינער וואס האט זיך באטייליקט אין אט דעם פאפולערן "ספארט", האט זיך באמיט וואס מער איבערצוטרייבן מיט זיינע שילדערונגען פון יידישע מאכלים, וואס מיר האבן שוין לאנג נישט געהאט געזען

און נאר דער געדאנק אליין האט אנגעפילט דאס מויל מיט סליונע.

אין די לאנגע, פראסטיקע ווינטער־נעכט, ווען דער וואלד איז געלעגן געקאוועט אין א פאנצער פון שניי און אייז און מיר זענען געלעגן אונטער דער ערד, אין בונקער און ביים שוואכן ליכט פון א נאפט־קאניצל גערעדט צווישן זיך, פלעגן זיך כמעט שטענדיק ארויסרייסן פון אונדזערע צעווייטאקטע הערצער אלטע יידישע ניגונים און מעלאנכאלישע פאלקס־לידער פון אמאליקע פיעסעס. כ׳געדענק באזונדערס א ליד, וואס ישראל פליישמאן פלעגט זינגען מיט זיין טיפער, בענקענדיקער שטימע, און וואס פלעגט שטענדיק ארויסרופן ביי מיר טרערן. אט זענען די ווערטער פון דעם ליד:

מיין מאמע האט מיך אויפגעצויגן
מיט דער גרעסטער צערטליכקייט;
געציטערט האט זי איבער מיר ביז גאר,
פאר מיר זיך אויסצובייטן איז זי באלד געווען באריייט;
ווען איר קינד זאל עפעס גאר געשען.
זי פלעגט שוין דעמאלט גאנצע נעכט נישט שלאפן,
געוואכט האט זי נאר שטענדיק ביי מיין בעט;
געבעטן גאט אז ער זאל זי נישט שטראפן
און ביז היינט פיל איך איר צארטן גלעט.

ווייל א היים איז גוט צו האבן
ווער קען דאס פילן בעסער נאך ווי איך.
ווען לעבעדיק מען ליגט באגראבן,
און איעדער שטויסט מיך אפ פון זיך.*

באזונדערס צוגעפאסט צו אונדזער געמיט און מצב איז געווען די לעצטע סטראפע (דער רעפריין) פון ליד און עס פלעגט זיך מיר אויסווייזן, אז דער אומבאקאנטער מחבר האט די שורות ספעציעל געהאט אנגעשריבן פאר אונדז.

* * *

אחוץ אונזער אונטערערדישער וואלד־קאלאניע זענען, נאך דער גרויסער ״אקציע״, געווען אין פארשיידענע טיילן פון וואלד, צוויי אדער מער בונקערס, אין וועלכע סקאלער יידן - מענער, פרויען און קינדער־ האבן זיך געפרואווט ראטעווען. די גרויזאמע האנט פון אוקראינישע מערדער־פאליציאנטן און בלוטדורשטיקע פארעטערס, האט זיי אבער דערגרייכט און זיי זענען אויף א בעסטיאלישן אופן דערמארדעט געווארן. איינער פון די צוויי בונקערס, אין וועלכן עס האבן זיך אויסבאהאלטן צווישן 12 און 15 סקאלער יידן, איז סוף אקטאבער 1943 אנטדעקט און ליקווידירט געווארן. די אוקראינישע פאליציאנטן זענען ארויף אויף די שפורן פון דעם בונקער ווען זיי האבן מחוץ פון וואלד געכאפט מאקס ברעטשניידער פון ציגאן. זיי האבן אים געפייניקט און געשלאגן, ביז ער האט זיי צוגעפירט צו דעם בונקער אין וועלכן ער אליין האט זיך געהאט באהאלטן.

*דאס ליד איז פון דער פיעסע ״מאטיע־מלך דער סטאליער״, וואס איז אמאל געשטעלט געוואָרן אין סקאלע דורך דעם אמאטארן טעאטער.

די מערדערס האבן צוערשט אריינגעשאסן אין בונקער, כדי אנצואוואַרפן א טויט־שרעק אויף די יידן, אבער ווען קיינער איז פון בונקער נישט ארויסגעקומען, האבן זיי אריינגעוואַרפן אין בונקער ברענענדיקע סנאפּעס שטרוי. ווען דער רויך האט זיי אנגעהויבן צו שטיקן אין בונקער, האבן די אומגליקלעכע גענומען ארויסקריכן און דאן האבן זיי די מערדער איינציקווייז דערשאסן. ביי דעם דאזיקן בונקער זענען דעמאלט צווישן אנדערע, אומגעבראכט געווארן די פאלגנדע קדושים: משה שווארצבאך (זיידע שווארצבאכ׳ס זון) מיט א קינד, אהרון־שמואל שאפּירא, משה ווייַנגאסט, ישראל בלוטשטיין, (ישראל לייזער הרנ׳ס) אייזיק גאלדשטיין (דער לעמבערגער), חיה עדעלשטיין און איר זון ישעיה הערשער (שייע באסיעס), בערל שווארצבאך, (בערל כדלעומר) און א געוויסער סעגאל פון בארשטשעוו. על פי נס זענען דאן ניצול געווארן בנציון קליינמאן און מעניע שאפּירא, וואס האבן שפּעטער דערציילט וועגן דער טראגעדיע.

דער צווייטער וואלד־בונקער איז אנטדעקט געווארן בלויז דריי וואכן פאר דער באפרייאונג און די יידן וואס האבן כמעט געהאט איבערגעלעבט דעם נאצי־קאשמאר, זענען אויף א גרויזאמען אופן דערמארדעט געווארן. ווי עס דערציילט שלום גרינבערג, דער איינציקער לעבנגעבליבענער פון דעם בונקער, זענען דריי אוקראינישע פאליציאנטן (רעמבאכא, יאקובישין און א דריטער, אן אומבאקאנטער) צוגעפירט געווארן צום בונקער דורך א יונגן אוקראינער, אן איידעם פון דעם וואלד־וועכטער טשעפעסיוק. דער בונקער האט זיך טאקע געפונען נישט ווייט פון טשעפעסיוקס שטוב, און דער גוי האט, ווייזט אויס, נאכגעשפירט, אדער באמערקט די יידן נעבן בונקער. די מערדערס האבן געבראכט מיט זיך שטרוי, האבן אונטערגעצונדן דאס שטרוי און עס אריינגעשטופּט אין בונקער אריין, כדי מיט דעם רויך צו צווינגען די יידן ארויסצוקומען. דער שטיקנדיקער רויך האט א טייל פון די אומגליקלעכע ארויסגעטריבן פון בונקער און די אוקראינישע מערדער האבן זיי קאלטבלוטיק דערשאסן אויפן ארט. די איבעריקע זענען אין דעם בונקער דערשטיקט און פארברענט געווארן. די אכזריות פון די מערדערס איז געווען אזוי גרויס, אז זיי האבן געצוואונגען שלום גרינבערג, וואס איז ארויס פון בונקער צו שטיין ביים אריינגאנג און צו שארן מיט א שטעקן דאס פייער, כדי עס זאל נישט אויסגיין. אין בונקער זענען צווישן אנדערע, אויך פארברענט געווארן שלום גרינבערגס פאטער און שוועסטער. ער אליין איז על פי נס ניצול געווארן ווען ער האט זיי צוגעזאגט געלט און פירנדיק אים צום שטאטישן בית־עולם, איז ער פון זיי אנטרונען געווארן.

אזוי ארום זענען, קורץ פאר דער באפרייאונג פון סקאלע דורך דער רויטער ארמיי, אנהויב מערץ 1944, אומגעבראכט געווארן אין צווייטן בונקער, צווישן אנדערע, די פאלגנדיקע סקאלער קדושים: אברהם גרינבערג, העניע גרינבערג, טויבע ווייזינגער, אברהם (בומע) ווייזינגער, איציע גאלדשטיין (עזריאל דעם קצב׳ס זון), אברהם שווארצאפּעל (דער טרעגער), עלקע פייערשטיין (פון גושטין), משה׳לע וואלעך, אלטער ראזענצווייג און נוסקע ראזענצווייג (פון בורדיקאוויץ), נתן וויינרויב (מוץ) און דינה שווארצבאך (דעם שטריקדרייערס טאכטער).

* * *

ס'איז ווינטער אין וואלד, סוף דעצעמבער 1943. א ווייסער פוכיקער שניי באדעקט דיביימער און גלאנצט אראפ פון די צווייגן מיט מיליאנען בריליאנטענע שפיגעלעך. א שטילע מעלאנכאליע הענגט איבער אונדז. אין בונקער איז ווארעם, און כדי צו שטילן דעם הונגער און דארשט, "פראדוצירן" מיר וואסער פון שניי. מיר דריקן דעם פוכיקן שניי צונויף אין הארטע קנוילן, שטופן זיי אריין אין גלעזער, הויכן אויף זיי מיט אונדזערע אטעמס און ווארטן געדולדיק ביז פון די גרויסע קנוילן שניי קומען ארויס עטלעכע לעפל וואסער אויף צו דערקוויקן דעם טרוקענעם גומען. די ארבעט איז לאנג און לאנגזאם, אבער קיינער ווערט נישט מיד. פון צייט צו צייט רוקט עמיצער פון אונדז ארויס דעם קאפ פון בונקער און ברענגט צוריק אריין א פרישן קנויל פון ווייסן שניי, די מלאכה זאל ווייטער קאנען אנגיין.

פלוצים, ווען נחמיה שטאק רוקט ארויס דעם קאפ פון בונקער, דערהערט ער עפעס א גערויש צווישן די סאסנע־ביימער און דערזעט בלויז עטלעכע שריט פון בונקער די באשטיוולטע פיס פון אן אוקראינישן פאליציאנט. א סעקונדע בלייבט ער פארגליווערט און ווייסט נישט וואס צו טאן, אבער באלד לאזט ער זיך צוריק אראפ אין בונקער און שטאמלט ארויס, א טויט־בלאסער בלויז צווויי ווערטער: "פאליציאנטן, אנטלויפט". ער אליין שפרינגט ארויס פון בונקער און לאזט זיך לויפן אין א ריכטונג אוועק פון דעם פאליציאנט און מיר פאלגן אים נאך און הויבן אן צו לויפן צווישן די ביימער אין שניי. עטלעכע ביקסן־שאס האבן אפגעהילכט איבער אונדזערע קעפ, אבער נאך עטלעכע מינוט איז דער וואלד ווידער איינגעהילט געווארן אין א טיפער שטילקייט. ארויסגעוויזן האט זיך אט וואס: אן אוקראינישער פאליציאנט איז ערב דער קריסטלעכער חגא געקומען אין וואלד אריין אויסצוהאקן זיך א יונג סאסנע־בוימעלע און איז צוזאמען מיטן וואלד־וועכטער פונקט דערגאנגען צו יענעם וואלד־ווינקל, וואו מיר זענען געלעגן באהאלטן אין די בונקערס. ווען מיר האבן אים באמערקט צווישן די בוימער און אנגעהויבן צו לויפן, האט ער אליין זיך אויך דערשראקן, האט אויסגעשאסן עטלעכע מאל פון זיין ביקס און איז ארויס פון וואלד. פיל שפעטער האבן מיר זיך ערשט דערוואוסט פון וואלד־וועכטער, וואס עס איז געשען, אבער אין יענעם מאמענט זענען מיר זיכער געווען אז עמיצער האט אונדז באמערקט און פארמסרט אונדזערע בונקערס, און אז מערערע פאליציאנטן זענען אונדז געקומען זוכן אין וואלד. מיר האבן דעריבער גלייך באשלאסן צו פארלאזן אונדזערע בונקערס און אנדערשוואו זוכן צייטווייליקע באהעלטענישן.

ס'איז געווען ביטער קאלט און דער שניי איז געווען טיף ביז צו די קני. נאקעטע, בארוועסע, איינגעוויקלט אין שמאטעס, זענען מיר אין מיטן טאג אוועק פון די בונקערס אין די סאסנעס און זענען אריין אין אונדזערע אלטע, פארלאזענע בונקערס נישט ווייט פון די "מאזורן", וואו מיר האבן איבערגעלעבט דעם גרויסן וואלד־פאגראם אין סעפטעמבער. ערשט נאך דער באפרייאונג האבן מיר זיך דערוואוסט, אז עטלעכע וואכן נאך דעם אינצידענט, נאך וועלכן מיר האבן פארלאזן די בונקערס צווישן די סאסנעס, זענען דייטשע סאלדאטן געגאנגען אויף יאגד אין וואלד און נאכלויפנדיק אין די סאסנעס נאך ווילדע חזירים, האבן זיי

צופעליק אנטדעקט אונדזערע פארלאזונע בונקערס און האבן זיי אויפגעריסן מיט האנט־גראנאטן. מיר זענען אבער אין די בונקערס מער נישט געווען און זענען אזוי ארום ניצול געווארן דורך דער השגחה פון א זיכערן טויט.

אין די אלטע בונקערס נעבן די "מאזורן", אין וועלכע מיר האבן זיך צייטווייליק באהאלטן נאכן אנטלויפן פון די סאסנעס, האבן מיר אבער לאנג נישט געקאנט בלייבן. ערשטנס, ווייל זיי זענען געווען קליין און טיילווייז איינגעפאלן. צווייטנס, ווייל זיי זענען געווען צו נאענט צו די "מאזורן" און האבן זיך געפונען צווישן שיטערע הראבינע בוימער, נאקעטע אין ווינטער; און דריטנס, האבן מיר פארדעכטיקט, אז די בונקערס זענען שוין דורך עמיצן אנטדעקט געווארן. מיר האבן דעריבער באשלאסן נאר צייטווייליק צו פארבלייבן אין די בונקערס און זוכן אינצווישן א פאסיקן פלאץ אויף צו בויען נייע. די דאזיקע אויפגאבע האבן גענומען אויף זיך חיים גאטעספעלד, פיניע פרענקעל, יוסף בלוטשטיין און יבדלו לחיים נחמיה שטאק און די ברידער שטאכל ־ שמואל און מוניע. נאך שעה'ן וואנדערן אין וואלד אין די נעכט, האבן זיי געפונען א פאסיקן פלאץ טיף אין וואלד און האבן זיך אינמיטן ווינטער גענומען בויען נייע בונקערס. באקאנטע פויערים פון די "מאזורן" האבן אונדז אויסגעבארגט העק, ביגעס און ריסקאלעס און אזוי אין משך פון א וואך צייט האבן די אויבן־דערמאנטע מענער מיט איבערמענטשלעכע כוחות דערגרייכט דאס אוממעגלעכע. אין די פינצטערע נעכט אין וואלד, אין גרויסע פרעסט און שניי־שטורעמס, אן א ביסל ווארעמס, פארשמאכטע און פארפרוירענע, האבן זיי געהאקט דיביימער, געגראבן די פארפרויערנע ערד און ממש מיט די לעצטע כוחות אויפגעבויט נייע אונטערערדישע באהעלטענישן. ס'איז אוממעגלעך זיך איצט פארצושטעלן און צו שילדערן די איבערמענטשלעכע אנשטרענגונגען און דעם אויסדויער פון אונדזערע בונקער־בויער יענעם ווינטער אין וואלד. ווען זיי פלעגן אין די גרויע ווינטערדיקע פרימאגנס צוריקקומען פון א גאנצער נאכט ארבעט מיט פראסט־באדעקטע, שטייפע אברים און זענען פארשמאכטע אוועקגעפאלן פון מידקייט, האב איך ביי זיך אין הארצן געגלויבט, אז נאר גאט אליין האט זיי געגעבן דעם כוח און אויסדויער.

אנהויב יאנואר 1944 האבן מיר זיך איינגעצויגן אין די נייע בונקערס און פון אט די בונקערס זענען מיר דריטהאלבן חדשים שפעטער, סוף מערץ 1944, ארויס אויף דער פרייהייט. אט די לעצטע דריטהאלבן חדשים אין וואלד האבן זיך געצויגן ווי אן אייביקייט און זענען געווען די שווערסטע און שפאנענדיקסטע. דער הונגער איז געווען גרויס, אבער מחמת די שנייען און אויך מורא־האבנדיק צו לאזן שפורן איבער'ן וואלד, זענען מיר אלץ זעלטענער געגאנגען צו ראדטשוקן נאך ברויט. גלייכצייטיק האבן מיר אבער געגארט נאך ברעקלעך נייעס, פונקט ווי מיר האבן געשמאכט נאך ברויט. יעדעס מאל וואס אונדזערע מענטשן פון די "ברויט־עקספעדיציעס" זענען צוריקגעקומען פון ראדטשוקן האבן זיי אונדז אין יענער צייט געבראכט גוטע נייעס וועגן דייטשע מפלות און רוסישע נצחונות, וואס האבן אנגעפילט אונדזערע הערצער מיט פרישע האפנונגען. אבער ביז צו דער לעצטער מינוט זענען אט די האפנונגען יעדעס מאל

צעשמעטערט געוואָרן דורך די גרויזאַמע מאָרד־אַקטן פון אונדזערע פאַרפאַלגערס. אַזוי איז איין נאַכט, אָנהויב מערץ 1944, אונדזער חברה צוריקגעקומען פון ראַדשוקן און מיטגעבראַכט מיט זיך שלום גרינבערגן און מיט אים די שוידער־געשיכטע. מיט עטלעכע טעג פריער זענען, נישט ווייט פון אונדז, אין זעלבן וואַלד, דערשאָסן און פאַרברענט געוואָרן אויף אַ גרויזאַמען אופן, זיין פאָטער, שוועסטער און 19 אַנדערע סקאַלער יידן.

אין מיטן מערץ 1944, האָבן זיך אין די נעכט אָנגעהויבן דערטראָגן צו אונדז דאָס ברומען און דונערן פון קאַנאָנען און דאָס זשומען פון מאָטאָרן. יעדע נאַכט זענען די דונערן געוואָרן הילכיקער און נאָענטער און דאָס זשומען פון מאָטאָרן גאַנץ קלאָר. מיט אָפענע אויגן פלעגן מיר ליגן יענע ווינטער־נעכט אין די בונקערס און זיך צוהערן צום זשום און רעש פון זיך־דערנענטערנדיקן פראָנט, ווי מען הערט זיך צו אַ פיינעם סימפאָנישן קאָנצערט. מיר האָבן אָנגעהויבן הערן די טריט פון פרייהייט און די שטים פון נקמה, אָבער אונזערע הערצער זענען אַלץ געווען פאַרקלעמט און פאַרגליווערט. מיר האָבן מורא געהאַט צו האָפן און מיר האָבן נישט פאַרגינען זיך צו פרייען. אַרויסגיין פון וואַלד האָבן מיר זיך נישט געטרויט און האָבן אָפּגעוואַרט  אין די בונקערס צו זען וואָס דער טאָג וועט ברענגען.

איין פרימאָרגן האָבן מיר דערהערט נידעריק איבערן וואַלד, פליען אַן עראָפּלאַן. פאָרזיכטיק האָבן עטלעכע פון אונדז אַרויסגעשטעקט די קעפּ פון די בונקערס און אָנשטרענגענדיק די אויגן צום הימל, האָבן מיר, צווישן די נאַקעטע שפּיצןביימער, דערזען אויף די פליגל פון פאַרבייפליענדיקן עראָפּלאַן, דעם רויטן, סאָוויעט־רוסישן שטערן. דער קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן דרייען און דאָס האַרץ האָט האַסטיק געקלאַפּט. איז דאָס מעגלעך, אַז מיר זענען שוין באַפרייט? איז דאָס טאַקע דיווירקלעכקייט, אָדער בלויז אַ חלום? מיר זענען אַלע געווען צעחושט, ווי פאַרשיכורט, און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן און וואָס צו זאָגן איינער צום צווייטן. דעם גאַנצן טאָג זענען מיר אָבער געבליבן אין די בונקערס און ערשט ביינאַכט, האָבן זיך צוויי פון אונדז, חיים גאַטעספעלד און יבל"אַ נחמיה שטאַק, אַרויסגעלאָזט אין דער ריכטונג פון די "מאַזורן". נאָך אַ קורצער צייט זענען זיי צוריקגעקומען מיט דער בשורה אַז סאָוויעט־רוסיש מיליטער איז שוין אין שטאָט. יענע נאַכט אין בונקער איז קיינער נישט געשלאָפן. מיר האָבן די גאַנצע נאַכט געוויינט, גערעדט און געטראַכט.

עס האָט אָנגעהויבן טאָגן אין וואַלד. יענעם פרימאָרגן האָט דער פראָסט אָנגעהויבן נאָכצולאָזן און דער שניי איז געוואָרן נאַס און שווער און האָט אָנגעהויבן פאַלן פון די ביימער. מיר האָבן זיך איינגעוויקלט אין אונדזערע פאַרוואָרלאָזטע שמאַטעס, אַרומגעוויקלט די נאַקעטע פיס אויך מיט שמאַטעס, אַרויסגעקראָכן פון די בונקערס און לאַנגזאַם זיך געלאָזט שפּאַנען אַוועק פון די בונקערס און אַרויס פון וואַלד. ערשט אַרויסגייענדיק פון וואַלד און קוקנדיק אויף זיך און די אַנדערע 27 לעבנגעבליבענע מענטשלעכע סקעלעטן, וואָס שפּאַנען אין שניי ווי גייסטער פון יענער וועלט, האָב איך דערזען דעם פאַרנעם פון אונדזער גרויסן אומגליק.

# סאסיע צימערמאַן (גאָטעספעלד)



# פּרקים פון טאָגבוך *

25. 1. 1943

מיין מאַן איז געלונגען אויסצוגעפינען אַן אָרימען פּויער, וואָס האָט געוואוינט ביי דער גרעניץ, און וואָס איז געווען גרייט מיך און מיין קינד אַריינצונעמען אויף עטלעכע חדשים. מחמת דער דאָזיקער פּויער האָט געוואוינט נישט ווייט פון גרעניץ (מיט דער אַמאָליקער רוסלאַנד) איז ער געווען געוואוינט צו שמוגלעריי און אויך אויסצובאַהאַלטן זיינע "מעשים" פאַר אַ "בייזן" אויג. דערביי איז ער געווען אַ פּוילער, לייכטגלויביק און אָבערגלויביק. עס איז גענוג, אַז אַ פּויער זאָל אים דערציילן, אַז מען האָט ערגעץ פאַרשפּאַרט אַ גוי דערפאַר, וואָס ער האָט איבערגעהאַלטן אַ יידן, און זיין גאַנצע ענערגיע און ריזיקאַלישער מוט ווערן אין איין אויגנבליק צערונען און עס טוט אים שוין באַנג אויף דער גאַנצער זאַך. ער וואָלט מיך שוין געוואָלט זען אויף יענער זייט טיר, נאָר צום גליק איז ער דאָך אַ פּוילער און אַלץ לייגט ער אָפּ אויף שפּעטער, און שפּעטער כאַפּט ער אַ ישוב הדעת.

ער איז געטריי און איבערגעגעבן. ער גייט יעדע וואָך אין שטאָט קויפן פאַר אונדז פּראָוויאַנט, בכדי מיר זאָלן נישט הונגערן. אויך דאָס גיין געהערט צו זיינע ליידנשאַפטן, אָבער נישט גיך, ער האָט צייט. אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג, זעצט ער זיך אַוועק און כאַפּט אַ דרימל און שפּעטער גייט ער ווייטער. עס מאַכט נישט אויס וואָס זיין ווייב קריגט זיך מיט אים, ער לאָזט זי רעדן און זאָגט, אַז דאָס אַלץ גייט אים אָן ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. אַ גאַנץ קעגנזעצלעכער טיפּ איז זיין ווייב, זי איז אויך אַזוי ווי אַלע אירע שוועסטער און ברידער, די אוקראַינער. עס געפעלט איר זייער וואָס מען מאַכט אַ סוף צו די יידן, זי איז צופרידן דערפון. אונדז האַלט זי דערפאַר, ווייל זי איז אָרעם, אָבער עס איז איר גאָרנישט ליב דאָס גאַנצע גוטס וואָס זי געניסט אַ דאַנק אונדז, ווייל זי וויל נישט און קאָן נישט העלפן קיין יידן. עס איז ביי איר די גרעסטע בושה ווען מען דערוויסט זיך אַז זי האַלט איבער יידן. זי האַלט זיך אין איין קריגן מיט איר מאַן איבער אונדז. דעמאָלט ווען זי באַקומט אַ שיינעם פּרעזענט פון אונדז איז זי צו אונדז גוט, אָבער דאָס גערויערט

* געשריבן בעת די חדשים און יאָרן פון דער שואה. דער פּוילער אָריגינאַל געפינט זיך אין "יד ושם" ירושלים.

זייער קורץ. אויפן צווייטן טאג דערקענט זי אונדז נישט און איז אויף ס׳ניי ברוגז און קריגט זיך ווייטער. דער עיקר האט זי א סאטיספאקציע ווען מיר האבן נישט וואס צו עסן, דעמאלט ווערט זי ברוגז און גייט אוועק אויף דעם גאנצן טאג, בכדי מיר זאלן ליידן הונגער. אבער ווען זי זעט, אז מיר האבן וואס צו עסן, ברענגט זי אויך אריין עפעס צו עסן. אזוי איז זי שוין, זי פארשאפט אונדז גרויס עגמת־נפש און זי קירצט אונדז אפ די יארן. אבער אונדזער אנשפאר איז איר מאן. ער ברענגט אונדז, בגנבה פאר איר, וואס ער קאן.

אונדזער וואוינונג באשטייט פון א פינצטער קעמערל. עס איז בלויז דא א קליין פענצטערל, דורך וועלכן עס דרינגט קוים אריין דאס טאג־ליכט. מיר האבן א שמאל בעטל, וואס איז צוזאמענגעקלאפט פון א פאר ברעטלעך און א קעסטל, וואס דינט אלס טיש און א קליין קיכל אויף וועלכן איך קאך. יעדן טאג האבן מיר א שווערן קאמף, מיר מוזן זיך היטן מען זאל אונדז נישט דערהערן. קיין קול טאר מען נישט ארויסלאזן, ווען עס איז עמעצער דא ביי אונדזערע בעלי־בתים. מען טאר זיך נישט רירן, אפט זיצן מיר פארגליווערט גאנצע שעה׳ן, ביז מיר הערן, אז די געסט זענען שוין אוועקגעגאנגען, ווייל עס דראעט אונדז די גרעסטע געפאר. דער בעסטער שכן ווען ער דערהערט אז יידן זענען דא, גייט ער גלייך מסרן צו די דייטשן און זיי שיקן גלייך אפ צו דער געסטאפא. ביי אונדז אין דארף זענען פאראן דייטשן, "גרענעץ־שוץ". זיי היטן די אמאליקע פויליש־סאוויעטישע גרענעץ. פארביי אונדזער הייזל גייט כמעט יעדע צוויי שעה א וואַך און ווען איך דערזע זיי, פילט זיך מיין הארץ אן מיט שרעק, אפשר האט מען מיך דערזען און מען גייט נאך אונדז.

אזוי ציען זיך קורצע, אבער אומענדלעך לאנגע, ווינטער־טעג, מרה־שחורהדיקע, פינצטערע אָן א שטראל פון האפענונג. דאס איינציקע פון וואס איך טרוים איז, מיין מאן זאל שוין צו מיר קומען און זאל מיר ברענגען עפעס נייעס פון דער וועלט. ער קומט רעגולער יעדע וואך און ווילט ביי מיר צוויי טעג, ער ברענגט אונדז פראוויאנט, ביכלעך און צייטונגען. די צוויי טעג בין איך נישט אזוי טרויעריק.

איך ווייס, אז יעדעס מאל ווען ער גייט אוועק איז עס א ריזיקאלישע אונטערנעמונג און ער קאן זייער לייכט פארלירן דאס לעבן, מיר האבן אבער קיין אויסוועג, ווייל צוזאמען מיט מיר האט פאר אים נישט קיין זינען צו זיצן, ווייל עס זענען נאך פאראן אביסל באהאלטענע יידן. און נישט קומען צו מיר, מיינט אז איך ווי אויך מיין קינד, לאזן הונגערן. וויפל מאל מיין מאן קומט איז די באלעבאסטע זייער אומצופרידן, ביז ענדלעך זי פארווערט אים זיך צו באווייזן. מיר בעטן זי, דערביי גייט עס אויס צו נייע פרעזענטן און מיר גייען ארויס ווי "זיגערס". אזוי גייען אוועק צוויי מאנאטן, ביז, ענדלעך, קומען אן בשורות אז די רוסן האבן דורכגעבראכן דעם פראנט און זיי דערנענטערן זיך צו אונדז.

5.3.1943

איך בין גליקלעך, אבער איך גלויב נישט אז עס זאל פאקטיש מיט אונדז געשען א נס. איך דערלויב מיר קוים דערפון צו טראכטן. מיין באלעבאסטע

ווערט צו אונדז זייער ליבנסווירדיק. זי ברענגט אונדז מילך, אייער, און זאגט, אז זי וואלט אונדז געהאלטן איבער דעם קריג, ווען די גאולה פארשפעטיקט זיך אפילו. מיר קענען זי גוט און מיר ווייסן אז זי איז א "פיין לייטיש ווייבל", אזוי רופן מיר זי פון דער ערשטער מינוט, פון זינט מיר האבן זי דערקענט.

עס געדויערט קוים א קורצע צייט און עס נעמט א סוף צו אונדזערע דערוואַרטונגען און האפענונגען. די רוסישע אפענסיווע איז אפגעשטעלט געווארן און צוזאמען מיט איר איז באגראבן געווארן די האפענונג ניצול צו ווערן פון דעם זיכערן טויט. מיר זענען נאך טרויעריקער געווארן, אנטוישט און פארצווייפלט. מיין בעל הבית איז זייער צעטומלט, ער האט געגלויבט אז ער וועט אין קורצן פארענדיקן "ס'געשעפט" און צום סוף זעט זיך נישט ארויס. דערווייל רוקט זיך דער ווינטער אוועק און עס קומט דער פרילינג. אין מיין לעבן קומט נישט קיין שום ענדערונג. איך טראכט, אז איך מוז פארלאזן מיין תפיסה, זאל זיין וואס עס וויל, איך קאן שוין מער נישט אויסהאלטן. דער דרויסן, די גאנצע נאטור לאקט און רופט. אונדזערע בעל הבתים פארברענגען כמעט א גאנצן טאג אין דרויסן און וואַרעמען זיך אויף דער פרילינג־זון. דורך מיין קליין פענצטערל זע איך דעם שיינעם, בלויען פרילינגס־הימל. דאס טייכל, וואס פליסט ארום אונדזער הייזל, האט זיך אויפגעוועקט פון זיין ווינטערדיקער פארפרוירנקייט און עס פליסט מורמלענדיק, אזוי שטיל. אויך דאס וועלדל נעבן טייכל האט אנגעהויבן א ניי לעבן. טויזנטער קלינגענדיקע קולות פון אומצאליקע פייגעלעך פארהילכן דאס גאנצע וועלדל, וואס ווערט פון טאג צו טאג גרינער און שפראצט מיט לעבן. נאר איך מיט מיין קינד זענען פארשפארט און זעען נישט קיין אויסוועג. מיין מאן קומט און ברענגט מיר פרישע בלוטיקע בשורות. עס איז ערב נייע פאגראמען. די נאציאנאלע אוקראינער, וואס צו זיי געהערט צום מיינסטן די גאנצע אינטעליגענץ, זיי רוען נישט, מאכן באזוכן ביי דער געסטאפא, מען זאל וואס שנעלער ענדיקן מיט די יידן. און עס הייבט זיך אן, יעדע דריי־פיר וואכן פאגראמען, וואס רייסן אויס אין משך פון געציילטע טעג טויזנטער יונגע לעבנס. מיין באלעבאסטע ווי נאר זי הערט, אז עס האלט ערב א פאגראם, גייט זי קיין בארשטשאוו, בכדי צו זען, ווי מען קוילעט יידן. ווען זי קומט צוריק אהיים מאכט זי אונדז חושך. זי דערציילט אונדז גענוי, ווי אזוי "דאס" קומט פאר, מיט דער גאנצער גראבקייט פון איר נאטור. און צו לעצט זאגט זי אונדז, מיר זאלן זיך פארנעמען, ווייל זי האט מורא אונדז צו האלטן, און וואס וועט זי טאן אויב עס וועט ווערן יידן־ריין. ער, דער בעל הבית זארגט זיך, איז זייער איבערגעשראקן און זאגט, אז אויב עס וועט ווערן אן ענדע מיט יידן, וועט ער אונדז ארויספירן אין וואלד און ווייטער גייט אים גארנישט אן.

מיר האבן זייער "גוטע" פערספעקטיוון. מיר זעען, אז עס דערנענטערט זיך דער טאג פון פולשטענדיקן אונטערגאנג. צו די פאגראמען נעמט נישט קיין סוף. עס פעלן שוין כמעט אלע אונדזערע באקאנטע, אויך פון אונדזער פאמיליע פאלן אלע מאל נייע קרבנות. איך בין שוין גענצלעך צעווייטיקט און רעזיגנירט. זייער אפט וויל איך עס זאל שוין נעמען א סוף צו אונדזער לעבן און צו אונדזערע ליידן. נאר מיין קינד איז מיר א שאד, עס בליט ווי א שיינע בלום און איך וואלט וועלן עס פארהיטן פון דעם שרעקלעכן טויט. זייער אפט טראכט איך, אז

דאס גלייכסטע וואלט געווען ווען איך מאך א סוף צו זיין לעבן בשעת עס שלאפט, בכדי עס זאל נישט דארפן איבערלעבן די שרעקלעכע מינוט פון פארצווייפלונג ווען מען קוקט דעם טויט אין די אויגן. אזעלכע געדאנקען פארשווינדן אבער שנעל און איך מאך מיר אויף ס׳ניי אילוזיעס, אפשר וועט מיר געלונגען מיין קינד דורכצושמוגלען און מיר וועלן בלייבן לעבן. נאך לאנגער מי געלינגט אונדז, מיין מאן און מיר, צו פועלן ביים פויער, ער זאל אונדז אויסגראבן א גרוב, ווייט פון זיין הויז, מיר וועלן דארט ליגן און זאל ער אונדז ברענגען יעדן טאג ברויט און וואסער. דאס זענען אונדזערע ״אויסזיכטן״ און דאס איז אונדזער האפענונג אויף דער צוקונפט.

דערווייל ווערט אונזער לאגע וואס אמאל טרויעריקער. אט איז שוין דער זעקסטער חודש פון אונזער באהעלטעניש דא. און מיט דעם דאזיקן חודש קומען אן די פינצטערע ידיעות וועגן דער פולשטענדיקער ליקווידאציע פון לעצטן רעשטל יידן אין סקאלע. אונזער פויער טרעט איצט נישט אפ פון מיין שטיבל, אריין און ארויס.

ער האלט זיך אין איין זארגן מיט אונדז, ער ווייסט נישט צי ער וועט קענען אונדז איבערהאלטן. דערביי קומען שכנים, זייער איינציקער שמועס איז ווי מען הרגעט יידן. זיי רעדן דערפון מיט אזא גלייכגילטיקייט און אזא זעלבסטפארשטענדלעכקייט, גלייך ווי עס וואלט זיך געהאנדלט וועגן די שיקאגער שעכט־הייזער פון בהמות. זיי זענען גענצלעך אפגעטעמפט פון יעדן מענטשלעכן געפיל און ווייזן נישט ארויס דאס קלענסטע רחמנות.

נאך אזא געשפרעך מיט די שכנים, צו וועלכן איך הער מיך צו מיט אסך פארביטערונג, געדויערט נישט לאנג און מיין באלעבאסטע קומט מיר געבן א פרישע לעקציע. עס הויבט זיך אן דאס אלטע לידל. וואו וועל איך מיך אהינטאן? זי האט מורא, זי וויל גארנישט, זי וויל נישט קיין געלט און וויל נישט האלטן קיין מענטשן וואס מוזן פארניכטעט ווערן. איך בויג אראפ דעם קאפ, איך בעט, איך בעטל ביי איר אפאר טעג לעבן, זי זאל מיר דערלויבן דא נאך צו זיין מיט מיין קינד. וואס איך וועל דעמאלט באשטימען ווייס איך נישט, אבער מיין קינד וויינט, ער וויל נישט שטארבן און מיך באפאלט א משוגעת ווען איך זע מיין קינד׳ס פארצווייפלטע אייגעלעך און ציטערנדיק פנים׳ל. ער קאן נישט אויפנעמען דעם געדאנק, אז ער וועט אין מיטן זיינע שיינע קינדערשע טרוימען אונטערגיין. איך פרוואו אים נישט איין מאל איינרעדן, אז עס איז נישט אזוי שרעקלעך, עס געדויערט בלויז איין אויגנבליק און עס נעמט א סוף צום לעבן. דערפאר, וועט ער, מיין קינד, אנהויבן א שיינעם לעבן אויף אן אנדערער וועלט. איך זאג אים, אז ער האט א ווייס־קרישטאלענע נשמה, וואס איז נאך נישט באפלעקט פון זינד און נישט פון זינדיקע מחשבות. איך דערצייל אים, אז דארט אין די העכערע עולמות וועט ער זיין א קינדער־מלאכל וואס וועט שטיין ביים כסא־הכבוד פון דעם העכסטן מלך און ער און זיינע חברים וועלן זיין די עדות ביים משפט אין וועלכן מען וועט משפטן די רוצחים, וואס האבן אויסגעמארדעט אזוי פיל אומשולדיקע ריינע קינדער־נשמות.

מיין קינד איז אבער נישט געבוירן אין א טיף־גלויביקער תקופה. ער

איז א קינד פון דער נייער צייט און ער איז מער ערדיש. ער וויל זײַן דווקא ביי דעם ערדישן משפט, ער איז געבוירן, וויל ער לעבן און נישט שטארבן. אפשר איז די שולד דווקא פון די עלטערן, וואס האבן די קינדער דערצויגן אין אן אנדערן גייסט און נישט דערצויגן זיי, אז זיי דארפן זײַן מארטירער, ווייל ווער האט זיך עס געגלויבט, אז ס'וועט קומען א צייט פון פינצטערקייט און בעסטיאַליטעט.

15.6.1943

מיר האבן ווייטער דורכגעשטופט א חודש לעבן און ווער וויל עס דען מער? עס איז דאך גאר א לאנגע צייט אין לעבן. א גאנצן חודש אומגעשטערט שלאפן און שטופן די צייט, אבער עס איז געשען אנדערש. דווקא איצט, ווען עס האט זיך געהאנדלט אין טעג, ווען עס האט געגנצלעך געדארפט נעמען א סוף צו אלע יידן, איז געשען אן אומדערוואַרטער פאר מיר טראגישער פארפאל. א שכן האט געזען מיין מאן ארײַנגיין צו אונדז, האט ער פארגעוואַרפן אונדזער בעל הבית, אז ער באהאלט ביי זיך יידן און איז געגאנגען מעלדן די דײַטשן. עס איז שוין פאר נאכט, דאס קינד שלאפט שוין, איך וועק אים אויף און, פול מיט פחד, דערצייל איך דעם קינד, וואס עס איז געשען. מיין מאן איז אין סקאלע און איך האב מורא דא לענגער צו בלייבן, ווייל עס איז א זיכערער טויט. דער פויער איז זייער צעטומלט, ער פירט אונדז ארויס צו אן אפענער סטאדאלע, וואס געהערט נישט צו אים און פון דארטן באשליסן מיר ביי נאכט צו גיין קיין סקאלע. אבער נישט אזוי לייכט קאן מען זיך דורכרייסן ביי נאכט מיט א קליין קינד פופצן קילאמעטער. מיר דארפן דורכפאסירן צוויי דערפער ביז מיר וועלן קומען צום ציל. דער וועג איז זייער א געפערלעכער, מען היט אלע וועגן, ווייל עס זענען טעטיק רוסישע דעסאנטן, אזוי לכל הפחות זאגט מען. מען היט אויך די וועגן, ווייל די מיליץ ווייסט, אז יידן שלעפן זיך ארום ביי נאכט. איך האב אבער קיין ברירה נישט און מיר פארלאזן דאס דארף. עס איז זייער א שיינע ליכטיקע זומערנאכט. איך מיט דעם קינד ביי דער האנט, מיט א קליין פעקעלע אין דער צווייטער האנט גייען אהיים, אבער ווי אויסטערליש זעט אויס אונדזער אהיימגיין, נישט אזוי האב איך מיר עס פארגעשטעלט. נאך אזא לאנגער צייט פון ליידן און דערנידערונגען האב איך עס מיר אנדערש געמאלן, איך האב שוין אזוי געבענקט און געהאפט אויף דעם טאג אין וועלכן איך וועל קאנען באטרעטן גאטס וועלט, אבער אלס א פרייער מענטש און נישט אלס פארברעכער, וואס מוז מיט הארץ־קלאפן גיין אויף נאך נישט באטראטענע וועגן, כדי עס זאל מיך קיין שונא נישט באגעגענען.

מיר גייען מיטן פעלד, מיין פויער פארויס און מיר נאך אים. אלע מאל שטעלן מיר זיך אפ, מיין באגלייטער לייגט צו דעם אויער צו דער ערד, הערט זיך איין און איבערצייגנדיק זיך, אז עס איז שטיל גייען מיר ווייטער. אזוי שלעפן מיר זיך כמעט די גאנצע נאכט ביז ענדלעך זענען מיר שוין אויף אונדזערע היימישע און באקאנטע וועגן. אבער פון דער ווייטנס דערזעען מיר צוויי סילועטן, מיר ציען זיך צוריק, באהאלטן זיך אין קארן, די צוויי סילועטן דערנענטערן זיך. מיר הערן דײַטש רעדן. דאס זענען צוויי וואך־לייט, וואס גייען צו דער גרענעץ.

ענדלעך גייען זיי אריבער און מיר, מידע און דערשראקענע, שלאגן זיך צו צו דער שטאָט. מיר גייען ווייטער מיטן פעלד, וואס פירט אונדז אריין ביז צו דעם הויז, וואו עס וואוינט מיין ברודער. איך קלאפ אן אין טיר און פענצטער, אבער קיינער ענטפערט נישט, ביז ענדלעך איך דערהער מיין ברודערס קול, וואס איז צוזאמען מיט דער פאמיליע פארשטעקט אויפן בוידעם. ער קומט גיך אראפ, זייער איבערראשט, און מיר, דערזעענדיק זיך נאך אזא לאנגער צייט אין אזא פינצטערער מינוט, וויינען מיר ביטער. מיין ברודער דערציילט מיר, אז היינט איז געווען א שרעקלעכער פאגראם אין קאפיטשיניץ און מארגן וועט זיין אין בארשטשאוו און מעגלעך אויך אין סקאלע, אזוי אז איך בין גאנץ אין א "גינסטיקער מינוט" צוריקגעקומען. מיין מאן ווייסט נישט גארנישט, ער שלאפט נישטביים ברודער, ער וועט ערשט מארגן דערזען, וואס עס איז געשען. ביז מארגן פרי קאן נאך פארשיידנס פאסירן. ענדלעך האב איך זיך דערוואַרט. מיין מאן איז אנגעקומען, אבער ווי גרויס איז געווען זיין פארצווייפלונג, וואו זאלן מיר זיך אהינטאן?

דערווייל איז שוין דער פאגראם אין בארשטשאוו. אלע יידן באהאלטן זיך און מיר האבן נישט וואו צו גיין. אבער מיין מאן פארלירט זיך נישט, לויפט צו א פויער און בעט אים ער זאל אונדז איבערהאלטן א פאר טעג, שפעטער פירט ער אונדז אהין. מיר זענען שוין אין א פרישער "וואוינונג". דאס איז א קליין נידעריק בוידעמל, אויף וועלכן מען קאן נאר ליגן, ווייל אויפזעצן זיך קאן מען נישט. דאס בוידעמל איז אפן. מיין מאן ברענגט ברויט און מיר הייבן אן אויף ס'ניי א לעבן צו פירן. דער טאג גייט אריבער רוהיק. מיין ברודער מיט דער פאמיליע זענען אויך געגאנגען צו א פויער. דעם צווייטן טאג גייט מיין מאן אין שטאט און מיר באשליסן, אז אויב עס וועט עפעס אין צווישן געשען, דאס הייסט אויב עס וועט אויסברעכן א פאגראם, זאל מיין מאן זיך פארשטעקן וואו ער וועט זיין און איך דא, ווייל מיט דעם גיין קען מען דערווייל באקומען די קויל. ווי נאר מיין מאן איז אוועק האט מיר די פויערטע דערציילט, אז דאס גאנצע שטעטל איז זיך צעלאפן, ווייל מען האט טעלעפאנירט, אז די געסטאפא קומט. מיר עצה'ט זי זאפארט צו גיין זיך באהאלטן אין וואלד, ווייל זי וויל מיך נישט האלטן, זי האט מורא. איבעריקנס איז אומזיסט דאס באהאלטן זיך, זי ווייסט פון אירע שכנים, אז מען וועט אפילו איין יידישע נשמה נישט איבערלאזן - אזוי "טרייסט" זי מיך. איך בעט זי און זאג איר זי זאל מיך נישט פארטרייבן ביז מיין מאן וועט קומען נאך מיר, אויב מען וועט מיך דא טרעפן, וועל איך זאגן אז איך בין דא אליין ארויפגעקראכן. זי בארוהיקט זיך און לאזט מיך זיין, איך בין אבער וואס ווייטער ווייניקער רוהיק. איך זע, אז זי איז גרייט אפילו אליין אנצואווייזן אויף אונדז, בכדי זי זאל זיך ריינוואשן.

ענדלעך פארגייט דער טאג רוהיק און מיין מאן קומט. ער דערציילט, אז זיין שוועסטער איז געקומען פון בארשטשאוו, זי איז אנטלאפן בשעת דעם פאגראם. ער דערוואוסט זיך די פרישע צרות און באשליסט נאך די נאכט זיך צוצושלאגן צו דעם פריערדיקן פויער, אפשר וועט ער אונדז צוריקנעמען. איך האב קיין ברירה און באשטיי אויף אלץ, כאטש איך ווייס, אז אויף די וועגן זענען

פאראן אומצאליקע הרוגים, וואס זענען געטויט געווארן אדער פון דער מיליץ אדער פון די פויערים, וואס האבן זיי אויף דעם וועג באגעגנט.

18.6.1943

צו מארגנס דאס זעלבע, די נייע בעלי־הבתים מיינע דערקלערן קאטעגאריש איך זאל גלייך פארלאזן זייער בוידעם. צום גליק לאזט זיך אראפ א שטארקער רעגן, וואס גיסט אן אויפהער א גאנצן טאג. דער דאך איז צעבראכן און דער רעגן וואשט אונדז אומברחמנותדיק. מיר איז שוין אבער אלץ איינס, זאל רעגענען, זאל מבולען, זאל שוין נעמען א סוף צו דעם שרעקלעכן מאטערנדיקן לעבן.

מיינע בעלי הבתים רוען אבער נישט. זעענדיק, אז עס קומט נישט קיין סוף צום רעגן, פאלט די פויערטע אויף אן המצאה, זי קומט נאך א מאל און זאגט אז די געסטאפא איז שוין דא און זי וויל אונדז אריבערפירן אויף א פוסטן פרעמדן בוידעם, וואס געפינט זיך נישט ווייט פון איר. מיין קינד דערהערנדיק, אז די געסטאפא איז שוין דא, ווערט שטארק בלאס און ציטערנדיק קלאמערט ער זיך ארום מיין האלדז מיט זיינע קליינע הענטלעך און זאגט: "מאמע, זאג, עס געדויערט נישט לאנג ביז מען שטארבט? זאג דעם אמת, מאמע, עס טוט זייער וויי?" איך ענטפער נישט, ער פארשטייט מיך, נעמט מיך ארום, קושט מיך און לייגט זיין קעפעלע אויף מיין שויס: "מאמע, איך וויל שלאפן, זאלסט מיך נישט אויפוועקן, זאל געשען וואס עס וויל". אין א קורצער רגע, זייענדיק גענצלעך דערשעפט פון שרעק, ווערט ער אנטשלאפן. ביי דער באלעבאסטע בעט איך זיך אפ ביז ביי נאכט, ביז מיין מאן וועט קומען. איך לייג אוועק דאס קינד אויף דעם שטרוי און אליין בלייב איך זיצן גענצלעך פארגליווערט און פארצווייפלט.

ווער ווייסט צי מיין מאן וועט צו מיר צוריקקומען. ווער קען דען וויסן צי ער איז איבערהויפט נאך פאראן צווישן די לעבעדיקע? אפשר איז געשען מיט אים דאס, וואס מיט טויזנטער זיינע שוועסטער און ברידער? און איך זע מיך גענצלעך אומבאהאלפן. איך זע, אז דאס מזל האט זיך פון מיר אפגעקערט און עפעס פארפאלגט מיך. איך זיץ און הער מיך צו, איך הער טריט, אבער די טריט גייען פאריבער און איך בלייב ווייטער ביי מיינע יאושדיקע געדאנקען. ענדלעך דערהער איך באקאנטע טריט, וואס זענען מיר אזוי טייער און נאענט. איך הער , עס עפנט זיך דאס טירל פון דער קאמער, איצט ווייס איך אויף זיכער, אז איך בין גערעטעוועט. דאס איז מיין מאן, ער עפנט דאס טירל, וואס פירט צו מיר אויף דעם בוידעמל. דאס קינד, ווי אינסטינקטיוו, וועקט זיך אויף, דערזעט זיין פאטער, ווארפט זיך אויף אים אויפן האלדז און וויינענדיק זאגט ער: "פארוואס ווילסטו, טאטע, אונדז נישט ראטעווען און פירן צו א פויער אין דארף? "גלייך ווי זיין לעבן וואלט געלעגן אין דער האנט פון מיין מאן. און מיין מאן וויינט זיך פונאנדער און טרייסט אים. אגב, וויל איך באמערקן אז ביי די שרעקלעכסטע אומשטענדן פארלירט זיך מיין מאן נישט און אויב ער איז אליין פארצווייפלט זאגט ער עס קיין מאל נישט, נאר אדרבה, דריקט אויס זיין האפענונג, אז עס וועט אונדז געלונגען

ניצול צו ווערן. מיט דעם אליין ווערט לייכטער אויפן הארצן און נישט געקוקט אויף אלע פיינען באקומט מען בטחון און מען באקומט פרישע כוחות צו קעמפן. מיין מאן דערציילט מיר, אז דער פויער, ביי וועלכן איך בין קודם געווען וויל מיך צוריקנעמען, נאר ערשט נאך אפאר וואכן, ווייל איצט האט ער נאך מורא, דאס גאנצע דארף קאכט מיט אים אז ער באהאלט יידן. נאר ער האט דערוויל א צווייטן ארט, וואס א באקאנטער פויער האט אים רעקאמענדירט. דאס ארט איז ביי א יונגער פויערטע, אן אלמנה, און זי איז גרייט אונדז איבערצוהאלטן צוויי מאנאטן. איך וויל מיר אליין נישט גלויבן אונדזער גליק. מיר באשליסן נאך די נאכט צו פארלאזן סקאלע.

מיין מאן גייט צום פויער אין זיין וואוינונג. הייסט זיך געבן די פאר זאכן וואס מיר האבן אים געגעבן צו באהאלטן. די פויערטע לאכט זיך פון אונדז אויס און זאגט, אז מיר דארפן זיי שוין נישט און ליבער וועט זי האבן די זאכן, איידער אן אנדערע.באין ברירה פארלאזן מיר סקאלע געזעלעך אָן זאכן. דער פויער וויל נישט אפילו אונדז ארויספירן פון זיין טיר, בכדי צו זען צי מיר קאנען אומגעשטערט פארלאזן זיין בוידעמל. אזוי קומט מיר שוין אויס דאס צווייטע מאל ביי נאכט צו וואנדערן.

3.7.1943

מיר געפינען זיך אין פעלד ווייט פון א ישוב. איך מיט אונזער קינד זעצן זיך אוועק אין די הויכע זאנגן, וואס פארשטעלן און באהאלטן אונדז. מיין מאן גייט אויפסניי צום פויער פארשטענדיקן אים, אז מיר זענען אויפן וועג צו אים, ער זאל גיין אונדז אנטקעגן. איך מיט׳ן קינד בלייבן גאנץ אליין, אין פעלד. אבער איך בין שוין אזוי אפאטיש אז עס ווירקט נישט אויף מיר. איך לייג זיך אוועק אויף דער פייכטער ערד און הער זיך צו. ארום איז שטיל, מען הערט נישט קיין מינדעסטן גערויש. עס איז א העלע ווארעמע זומער־נאכט. איך לאז מיינע געדאנקען אויסרוען און טראכט כמעט גארנישט. נאר די נאטור טוט אירס. נישט ווילנדיק ווירקט זי אויף מיר ווי א באלזאם אויף מיינע וואונדן. עס קומען דערינערונגען אויף דערינערונגען. איך דערמאן זיך אין אזעלכע שיינע זומער־נעכט גלייך ווי ס׳וואלט נעכטן געווען. די נאטור איז אומגעענדערט מיט איר געזעצמעסיקייט און מיט איר שיינקייט. דוכט זיך די זעלבע נאכט, מיר שול־קינדער מאכן א נאכט־אויספלוג. עס גייט א מחנה פון פריילעכע, זארגלאזע קינדער. אונדזער געשעצטער ליבער לערער גייט גלייך מיט אונדז און איז כמעט אזוי פריילעך און קינדעריש ווי מיר אלע. מיר פרייען זיך מיט דער שיינער נאכט. מיר זינגען הימנען און באזינגען די שיינקייט פון דער וועלט. אונדזערע קולות קלינגען און הילכיקן, ווייט איבער די פעלדער . . . אבער נישט לאנג געלונגט מיר אזוי צו טרוימען. עס קומט די קעגנווארט און דער אמת שטייט ווי א פינצטערע נאכט פאר מיינע אויגן, איך בין ארויסגעווארפן אויף דעם מיסט־קאסטן פון דעם לעבן. מיין מאן איז אויפסניי געגאנגען אויסבעטלען פאר אונדז א ווינקעלע. עס גייט אוועק א לענגערע צייט, איך ווער וואס אמאל אומרוהיקער, און וואס אמאל

מיט מער פחד און הארץ־קלאפן ווארט איך אויף מיין מאנס צוריקקער. עס איז שוין לאנג נאך האלבע נאכט ווען איך דערהער טריט. און אין א קורצער צייט דערזע איך מיין מאן צוזאמען מיט מיין אלטן גוטמוטיקן בעל הבית. ער גייט ווי תמיד בארוועס, אין א פאר צוריסענע הויזן און א העמד נישט פארמאכט וואס אנטבלויזט אים גענצלעך זיין ברוסט. איך זע אז ער איז אביסל צוטומלט, אבער איך דערוויס מיך גלייך די סיבה: זיין ווייב האט אונדז בשום אופן נישט געוואלט צוריקנעמען. מיין מאן האט איר צוגעזאגט צו געבען וואס זי וועט וועלן, ביז ענדלעך ער האט אויף איר געווירקט און מיין בעל הבית איז געקומען נאך מיר. ווי נאר איך האב אים דערזען איז מיר לייכטער געווארן, איך האב שוין אן אנשפאר. ער האט דאס קינד גענומען אויף זיינע פלייצעס און איך מיט מיין מאן זענען נאכגעגאנגען. ענדלעך זענען מיר געקומען נאענט צו זיין הייזל, וואס שטייט ביים וועג. אבער דא מוז מען זיין זייער פארזיכטיק, אלע מאל גייען דא נאכט־וואכן, און מיר שיקן דעם פויער צוערשט אויסשפיאנירן צי מיר קאנען גיין. ער מאכט אונדז א צייכן: מיר גייען שנעל דורך דעם וועג. מיר פארשווינדן אונטער די ביימער. פלוצים דערזעען מיר צוויי דייטשן, וואס גייען אויף נאכט־דינסט. בלויז איין אויגנבליק פריער וואלטן מיר געווען פארלארן. מיר ווארטן אפ ביז זיי פארשווינדן גענצלעך, דאן רוקן מיר זיך צו צו דעם הייזל, די פויערטע עפענט אונדז די טיר און מיר גייען אריין אין אונדזער אלט־באקאנטן קעמערל, אבער איצט איז דאס אין מיינע אויגן שוין נישט קיין פינצטער קעמערל, איצט איז דאס אן אויסגעטרוימטער פאלאץ פון פארכישופטן פרינץ. מיר זענען די גליקלעכסטע אויף דער ערד. מיר האבן צוריק אונזער בעטל און מיר האבן אויפסניי האפנונג אז מיר וועלן האבן רו. און אפשר וועט מיט אונדז געשען דער נס, פון וועלכן מיר וואגן שוין נישט אפילו צו טרוימען. אין אזא גלענצענדער שטימונג פארגייען אונדז גאנצע צוויי טעג. די בעל־הביתטע גיט אונדז א ביסל מילך און ברויט, זי באציט זיך צו אונדז גאנץ נישקשה, דאס איז אבער א מצב וואס האלט נישט לאנג אן. ענדלעך פלאצט איר גוטע שטימונג און דער וואלף קריכט אויפסניי ארויס פון דער שעפסן־פעל. זי הויבט אונדז אן צו מאטערן מיט הונגער. גאנץ פשוט זי וויל אונדז קיין ברויט נישט פארקויפן מיר זאלן זיך צו זאט אנעסן, נישט קוקנדיק דערויף וואס מיר צאלן איר געשוואלענע פרייזן. זי וויל נישט אונדזער האניג און זי לאזט אונז איר גיפט. עס הויבן זיך אן אויפסניי קריגערייען מיט איר מאן. זי צווינגט אים צו ארבעטן, און וואס עס הייסט ארבעטן ביי אונדזער בעל הבית איז אונדז גאנץ פארשטענדלעך. ער דערפילט אלע אירע וואונטשן, כדי צו פארמיידן קריגערייען, וואס זענען כמעט פארבונדן מיט א קאטאסטראפע. ביי יעדן מאל ווען זי קריגט זיך מיט אים, ווערן מיר אויטאמאטיש זיינע פארבינדעטע און זי דראט אים ווי אויך אונדז אז זי וועט פון אונדז צוזאמען מיט איר מאן א סוף מאכן. מיר ווערן אויפסניי אומרוהיק, ווייל מיר ווייסן, אז אונדזער לעבן איז אפהענגיק פון איר קאפריז און פון איר שלאנגען־גיפטיקער נאטור. דאס איינציקע וואס ראטעוועט אונדז פון הונגער איז אונדזער געבענטשטע קליינע קיך. ווי נאר זי פארלאזט איר היים און גייט אין פעלד, נוצען מיר אויס די גינסטיקע מינוט. דער בעל־הבית ברענגט אונדז אויף גיך א פאר קארטאפל, א ביסל מילך, וואס ער גנבעט

צו ביי איר. מיר מאכן פייער און אויף גיך עסן מיר אונדזער געגנבעט עסן. ערשט איצט פארשטיי איך גאנץ גוט דעם "מים גנובים ימתקו". מיר האבן קיינמאל אין לעבן נישט געפילט אזא טעם אין עסן, ווי אין דעם געגנבעטן ביסן . . . אבער נישט תמיד געלינגט אונדז אונדזער אונטערנעמונג דורכצופירן בשלמות. עס מאכט זיך, ווי צום מיינסטן ביי פארבאטענע זאכן, קערט זיך אונדזער בעל הביתטע צוריק און צעשטערט אונדזערע "פלענער". איך באהאלט שנעל דאס עסן, וואס האט זיך קוים דערווארעמט און מיט וואסער לעש איך אויס דאס פייער פון קיכל, עס זאל נישט פאלן קיין פארדאכט. אויך די טונקלקייט העלפט אונדז צו און זי קאן נישט גענוי זען אלץ וואס מיר טוען, אזוי, אז איך לויב דעם צופאל, וואס האט אונדז באשאנקען מיט א פינצטער קעמערל.

אויך צו דער אידיליע נעמט א סוף. עס ציען זיך לאנגע זומער־טעג און זיי ברענגען מיט זיך גאר קיין ענדערונג נישט. מיר דערווארטן יעדן טאג, עפעס גינסטיקע נייעס, אבער אנשטאט דעם ווערן מיר געוואויר פון פרישע הריגות וואס ווערן אויסגעפירט אומעטום וואו עס זענען נאך פאראן יידן. מיר ווערן געכצלעך פארצווייפלט, ווייל מיר האבן זיך איינגעבעטן אויף א חודש צייט. די צייט שטייט נישט, יעדער מאטערנדיקער, הונגעריקער טאג דערנענטערט דעם טערמין ווען מיר וועלן מוזן פארלאזן אונדזער נייע "היים". אויך דער פויער קומט אלע טאג מיט פרישע מעשיות. ער זעט אז עס איז נאך נישט קיין סוף צו דער מלחמה, און וואס וועט זיין ווייטער, ער האט מורא אז זיין ווייב וועט נישט וועלן פארלענגערן אונדזער זיין ביי זיי. אויך באפאלט אים א מורא, עס דאכט זיך אים, אז ער איז דער איינציקער וואס האלט איבער יידן. זייער אפט, ווי נאר מיר וועקן זיך פון דעם שלאף קומט צו אונדז אונדזער בעל־הבית מיט נייע מעשיות. עס האט זיך אים געחלומט א גלח און א קלויסטער, ער ווייסט אויף זיכער אז מען וועט אים ארעסטירן און א.וו. אומזיסט באמיען מיר זיך אים צו איבערצייגן, אז א חלום איז אפט זינלאז, און האט נישט קיין גרויסן באדייט. ער איז אבער "איבערצייגט", אבערגלויבעריש און לאזט זיך נישט רעדן . . . אזוי כמעט יעדן טאג האבן מיר אחוץ אונדזער שווערן קאמף, אויך קליינע נארישקייטן בייצוקומען וואס רויבן אונדז אוועק דאס ביסל רו, אזוי טייער באצאלט. "א האן האט געקרייט און עס וועט קומען אן אומגליק נאך די וואך". אז עס גייט דורך א וואָך אן געשעעניש, ערשט דעמאלט בארוהיקט ער זיך.

25.3.1944

היינט איז דער גליקלעכסטער טאג אין אונדזער לעבן. איז דאס וואר? איז דאס מעגלעך? האט גאט אויסגעהערט אונזער הייסע תפילה, איז שוין געקומען די ריכטיקע אזוי לאנג־אויסגעבענקטע מינוט, איז אונזער האפענונג, וואס מיר האבן אזוי טיף אין הארצן באגערט, מקוים געווארן? עס איז נאענט דער טאג. דאס איז נישט מער קיין טרוים פון א פארמישפטן, וואס בענקט נאך פרייהייט. מיר הערן די שענסטע, הערלעכסטע מוזיק, וואס פארכישופט אונדז און פילט אונדזערע הערצער אן מיט אן איבערמענטשלעכן געפיל פון זעליש גליק. דאס קלאפן אזוי די

קאנאנען נאענט נעבן אונדז און זייער געוויש זאגט אונדז אן א פריש לעבן. נאך הונדערטער טעג און נעכט פארשפארט אונטער די שרעקלעכסטע באדינגונגען, נאך אזוי פיל אומצאליקע טעג ווען דער מלאך המות איז געווען אונדזער איינציקער לעבנס־באגלייטער, דערנענטערט זיך טאקע דער טאג פון אויסלייזונג.

מיר ליגן פול מיט האפענונג אויף אונדזער בוידעמל. פלוצלונג דערהערן מיר א שיסעריי נאענט איבער אונדזערע קעפּ. דאס האבן זיך צוויי פײנטלעכע עראפלאנען צוזאמענגעטראפן און זייער שלאכט גייט אן נאענט נעבן אונדז. עס פליען קוילן איבער אונדז אין דער הויך. מיר רייסן אויף דאס טירל פון אונדזער באהעלטעניש און אן אטעם לויפן מיר אראפ אין שטאל. נאך א פאר קורצע רגע׳ס הערט אויף די שיסעריי. מיר בארוהיקן זיך...פלוצלונג הערן מיר טריט. עס גייען פויערים זייער שנעל און שרייען כמעט. מיר האבן שוין געעסט. די באַלשעוויקעס זענען שוין ביי אונדז אין דערפל. ווי אזוי איז דאס געשען, מיר גלויבן קוים אונדזערע אייגענע אויערן. עס לויפט דורך א פויערטע און זאגט דאס זעלבע, מיר הויבן אן צו גלויבן און צעוויינען זיך ווי קינדער, זאגן זיך מזל טוב און צוקושן זיך, מיר זענען ניי־געבוירענע. עס גייט אדורך א שטיקל צייט, קיינער פון אונדזערע בעל־הבתים קומט נישט. וואס זאל דאס באדייטן, אפשר איז דאס ווייטער א גוזמא? מיר זענען שוין אויפסניי טרויעריק. אבער ענדלעך קומט די בעל־הבית׳טע ארויף, זי איז בלאס, פארביסן און מיט טרערן אין די אויגן, זי קאן אונדז נישט פארגינען אונדזער גליק. וואס איז? פרעגט זי, וואס איר האט זיך איינגעפאקט? די באלשעוויקעס זענען נאך נישטא, דאס איז ־זאגט זי־ עפעס פרעמד מיליטער, נישט קיין דייטשן, אבער אויך נישט קיין רוסן, און איר פרייט זיך נישט. אזוי צעשטערט זי אונדזער גליק. אבער מיר זעען אז זי ליגנערט. אונזער בעל־הבית איז זיך געגאנגען אליין איבערצייגן אבער ער קומט נישט. עס פאלט צו די נאכט, מיר זיצן אוןווארטן, ענדלעך קומט ער ארויף און ברענגט אונדז די גליקלעכע בשורה. אבער אויך ער איז טרויערדיק. די אוקראַינער האבן פארשפילט, די פאליאקן פרייען זיך. ער פילט זיך ווי א שטרייק־ברעכער, מיט דעם וואס ער האט אונדז געראטעוועט. אבער מיר הערן זיך שוין נישט צו צו זיינע שטימונגען. מיר זענען ערגעץ פארטראגן מיט אונדזערע געדאנקען. מיר הייבן אן צו וועבן א ניי לעבן. א גאנצע נאכט שלאפן מיר נישט, גאנץ פרי פירט אונדז אונדזער בעל־הבית אריין אין אונדזער קעמערל מיר זאלן זיך ארומוואשן און איינפאקן. מיר זענען נאר וואס איבערגעלאפן דאס שטיקל וועג און אונדזער פויער קומט אריין א בלאסער און א צעוויטאָגטער: דריי דייטשן זיינען ביי אים אין שטאל, זיי בעטן אים ער זאל זיי איבערהאלטן אויף דעם בוידעם ביז עס וועט נאכט ווערן...אויף דעם זעלבן בוידעם, וואס מיר האבן ערשט פארלאזט. מיר לאכן און זענען גליקלעך, ענדלעך זיך דערלעבט. נאכמיטאג קומט א שליח פון מיין ברודער מיט א בריוו פאר מיר. אויף דער נאכט גייט מיין מאן אוועק צו מיין ברודער און פון דארט וועלן זיי גיין קיין סקאלע, און שפעטער וועל איך מיט מיין קינד קומען, ווייל מיר זענען זייער מיט פחד פאר די אוקראַינער און עס מוז זיך צוערשט איינשטילן. עפעס אייל איך מיך נישט. דער ערשטער איינדרוק איז אריבער. איך בין גליקלעך, מיר האבן זיך צעשיידט מיט אונדזער לאנגיעריקן באגלייטער, דאס

איז דער פחד פון טויט, אבער עפעס פייניקט און לאזט פון גליק נישט טראכטן. וואוהין זאלן מיר גיין? אונדזער שטעטל איז נישט מער אונדזער ליבע מוטער־היים. דארטן זענען בלויז מענטשן־פרעסער פאראן, אזעלכע וואס האבן געזען ווי ביליק אונדזער בלוט איז. עס כאפט זיך אריין א געפיל ווי ביי מענטשן, וואס קערן זיך אום פון א לויה, וואס האבן אקארשט באגראבן זייערע נאענטסטע און טייערסטע. א טרויעריק און גרענעצלאז אנגעווייטיקט געפיל. איך וואלט שוין ליבער קיינמאל נישט געוואלט זיך באגעגענען מיט אונדזערע שכנים, די אוקראינישע רוצחים. אבער עס דערהערט זיך א קול פון דער טיפעניש וואס רופט אונדז, אז מיר מוזן צוריקגיין,אויף אונדזערע פאסטנס און דערפילן אונדזער הייליקסטע פליכט, די פליכט פון נקמה פאר אונדזער אומשולדיק בלוט. אזוי לאנג נישט אפטרעטן ביז מיר וועלן נקמה נעמען, דאס קאן נישט געשענקט ווערן און וועט נישט געשענקט זיין.

## אברהם בראנדעס־טראסאווצקי

# דער לעמבערגער פארניכטונגס־לאגער "יאנאווסקא"

## (אויסצוגן פון זכרונות)

דעם צווייטן טאג חול המועד סוכות 1942, ארום 11 אינדערפרי, האט דער גאנצער טראנספארט־צוג, אין וועלכן די נאציס האבן ארויסגעפירט עטלעכע הונדערט יידן פון סקאלע, דערגרייכט די שטאט לעמבערג אויף דער סטאנציע קלעפארואוו. עטלעכע פון אונדז, וואס האבן זיך אויסגעקענט אין דער געגנט האבן דורכן פענצטערל דערקענט די סטאנציע. אין עטלעכע מינוט ארום האבן זיך באוויזן א המון ס.ס.־לייט און אוקראינישע פאליציי, און באלד האט זיך די טיר פון אונדזער וואגאן געעפנט.

דער באפעל פון די רוצחים איז געווען "לאס! ראוס!". אלע האבן מיר אנגעהויבן ארויסשפרינגען פון דעם וואגאן און די רוצחים האבן אונדז גלייך מיט א גרויסן געשלעג מקבל פנים געווען. דער באפעל איז געווען זיך אויסצושטעלן צו 4 אין א ריי. גלייכצייטיק האבן די רוצחים געעפנט נאך עטלעכע וואגאנען פון וועלכע זיי האבן ארויסגעפירט די מענטשן פון די אנדערע שטעטלעך, וואס זענען געווען באשטימט צו פארן אין לאגער. און אזוי האט מען אלע יונגע ארבעטס־מענער פון אונדזער באצירק אויסגעשטעלט צו פיר אין א רייע. שרעקלעך זענען געווען די קולות אין די איבעריקע וואגאנען פון די טאטעס, מאמעס און קינדער. א מוראדיקע ווירקונג האט עס דאן געמאכט, ווען מיר האבן דערזען, אז איצט איז דער מאמענט, וואס מיר צעשיידן זיך לעולם ועד מיט אונדזערע ליבע און טייערע.

דאס הארץ האט געדריקט און געריסן. אוממעגלעך איז דעמאלט געווען זיך צו באהערשן. נאר די שרעקלעכע קלעפ פון די רוצחים האבן אונדז געצוואונגען זיך צו באהערשן. אייביק וועט פאר מיינע אויגן שטיין דאס ליכטיקע בילד, פון אונדזער גאנצער יוגנט וואס האט, ווי אויף להכעיס, געבליט אין די שרעקלעכע טעג. גאר אויפטרייסלנדיק איז געווען דאס בילד פון דעם יונגן מיידל לאה שאפירא, וואס האט מיט נישט פארשטענדלעכע ווערטער, אויף א יאמערלעך קול גערופן איר ברודער יעקב.

צי בין איך אימשטאנד צו באצייכענען און באשרייבן אט דעם מאמענט? ווי ליכטיק די זון האט געשיינט. ווי שיין דער טאג איז דעמאלט, אויף להכעיס, געווען. אבער ווי גרויס איז אונדזער פיין און ווייטיק געווען! צי האב איך דען אויסדרוקן דערצו? און גלייך איז געקומען דער באפעל: "מיצען אפ! די גאנצע קאלאנע שטילשטאנד!" באלד איז צוגעפארן א טאקסע פון וועלכער עס איז ארויסגעגאנגען א פירער פון די רוצחים און איז דורך אונדז דורכגעגאנגען און באטראכט זיינע קרבנות. גלייך האט ער עטלעכע ארויסגענומען פון די רייען און האט זיי באפוילן צוריקצוטרייבן צו יענע וואגאנען.

אויפן ארט האבן מיר באקומען א באפעל צו באנדאזשירן די וואס זענען געווען צעשלאגן. אין יענעם מאמענט איז צוגעקומען צו מיר ד"ר ראזענבלאט פון בארשטשאוו. ער האט געהייסן דערלאנגען א ביסל וואסער אויסצושווענקען דאס מויל, און האט מיר א ביסל מיט יאד באשמירט די וואונד. פארשטייט זיך, אז דאס פנים ביי מיר איז געשוואלן געווארן און די פלייצע מיט דעם אקסל האבן מיך מורדיק ווי געטאן פון די צוויי קלעפ. אבער ווען איך האב דערזען מיין ברודערל, ווי ער האט נעבעך מיט טרערן אין די אויגן געביסן די ליפן און שרעקלעך געקרעכצט, און אזוי אויך מאיר'ציע יאלעס, האב איך שוין מיינע ווייטאגן פארגעסן.

באלד זענען צו אונדז צוגעלאפן עטלעכע רוצחים און האבן ווידער געגעבן א באפעל, אז צוויי מענטשן וועלן ארומגיין מיט קוישן צווישן די רייען, און יעדער פון אונדז זאל אוועקגעבן וואס ער האט פון געלט, ווערט־זאכן, דאקומענטן, מעסערלעך, שפיגעלעך, טעשעלעך אאז"וו. אין אלגעמיין דארף מען אלץ אוועקגיבן. ווער עס וועט דעם באפעל נישט אויספירן און מען וועט ביי אים עפעס טרעפן, ווערט ער גלייך דערשאסן. און באמת האט יעדער גלייך ארויסגעלייגט וואס ער האט געהאט. באלד האבן מיר באקומען א באפעל אין גאנצן זיך אויסצוטאן נאקעט. אונטער דער באגלייטונג פון שווערע קלעפ מצד די רוצחים איז דער באפעל גלייך געווארן אויסגעפירט. באלד זענען צוגעקומען עטלעכע לאגער־מענטשן און האבן דאס גאנצע אנטועכץ צוגענומען. אנדערע האבן גלייך צוגעבראכט לאגער־"בגדים", וואס זיינען צווישן אונדז פארטיילט געווארן. צווישן דער "קליידונג" האבן זיך מייסטנס געפונען "לאכעס" און שמאטעס פון די רוסישע געפאנגענע.

שיך האבן מיר באקומען מיט הילצערנע פאדעשוועס, אין וועלכע עס איז געווען שרעקלעך שווער צו גיין. באלד איז צוגעקומען א רוצח און האט גענומען האלטן א דרשה וועגן דער דיסציפלין אין לאגער. צווישן אנדערעס האט ער געזאגט, אז ווען איינער אנטלויפט פון דער ארבעט, אדער בכלל פון דעם לאגער, ווערן אויף זיין ארט אנדערע 10 דערשאסן, אדער פון דער זעלבער שטאט, אדער פון דער זעלבער ארבעטס־בריגאדע. דעריבער מוז מען אליין איינער אויף דעם צווייטן אכטונג געבן, אז עס זאל דערצו נישט קומען. ווייטער האט ער אויך דערקלערט, אז ביי וועמען מ'וועט טרעפן געלט, ווערט ער גלייך דערשאסן. אויך ווער עס וועט זיך נישט גוט אויפפירן, אדער גוט ארבעטן קאן באקומען פארשיידענע שווערע שטראפן ביז טויטשטראף אאז"וו. און אזוי האט עס זיך

פארצויגן עטלעכע שעה. נאך דעם האט מען אונדז אריינגעפירט, צו 5 אויסגעשטעלט, אויף דעם פלאץ פון דעם לאגער און צעלאזט. דער ערשטער אריינקום אויף דעם לאגער־פלאץ, האט שוין געמאכט א באזונדער שלעכטן איינדרוק. עס האבן זיך ארומגעדרייט זייער אויסגעמאטערטע מענטשן מיט אויסגעבלייכטע פנימער. ווען מיר זענען ארויפגעגאנגען ווייטער, האבן מיר דערזען ווי מען טראגט עטלעכע מתים, וואס זענען געפאלן און דערשאסן געווארן ביי דער ארבעט נעבן א בוי, וואו מען האט אויפגעשטעלט נייע באראקן. די ס.ס.־לייט, אוקראינישע פאליציי און קאַפּאָס זענען ארומגעגאנגען מיט די נאהייקעס אין די הענט.

מיט א גרויס געוויין האבן מיך געטראפן מיין ברודערל און דאס יינגעלע יאלעס. איך האב זיך אותו רגע אבסאלוט נישט געקאנט בארוהיקן, אבער מיט א שרעקלעכן ווייטיק אין הארצן און טרערן אין די אויגן האב איך געפרואווט פאר די צוויי קינדער זיך צו באהערשן. אין אמת׳ן האבן מיך די טרערן געשטיקט און איך האב נישט געקאנט ענטפערן און בכלל עפענען דאס מויל, בעיקר ווען די צוויי קינדער, ווי אפגערעדט, האבן אויסגעשריען: ״פארוואס זענען מיר ווייטער נישט געפארן צוזאמען מיט אלע אונזערע טייערע?״ עס האבן נישט געהאלפן קיין רייד, וואס איך האב זיי דערקלערט: ליבע קינדער, וועמענס שולד איז דען דערביי? און וואס קאנען מיר דערצו טאן? דער ענדציל איז סיי ווי איינער. און דאך האב איך אין יענער רגע נישט געקאנט זיך פארשטעלן, אז איך רעד סתם רייד. . . מיר האבן זיך ערשט נאר־וואס ארומגעקוקט וואו מיר זענען און וואס פאר א פנים מיר האבן. נאר לײדער, וואס האט מען געקאנט מאכן? עס גייען פארביי פארשייעדענע היימישע מענטשן, מען שאקלט זיך צו מיט׳ן קאפ. . . גוט האבן מיר דערלעבט . . . . איך מאך דעם טרויעריקן סך־הכל.

און אט האב איך פארשטאנען אז איך בין א טאטע פון צוויי קינדער, ווייל זיי זענען נעבעך ביידע געווען אין גאנצן ראטלאז. איך האב זיך צו זיי געווענדעט: ״קומט וועלן מיר זיך ארומקוקן ווי דער לאגער זעט אויס, מיר וועלן זיך עפעס דערוויסן פון דעם לאגער״. און אזוי בין איך מיט זיי און נאך עטלעכע היימישע מענטשן צוגעגאנגען צו עטלעכע יידן, וואס האבן שוין באמת נישט געהאט קיין אויסזען פון מענטשן, און מיר האבן אנגעהויבן זיך אביסל צו אינפארמירן.

שרעקלעך זענען געווען די ידיעות וועגן לעבן אין לאגער. איך פרעג צי מען לאזט צו הילף פון דער היים? אבער ליידער דערפון איז קיין רייד נישטא. עס איז סיי ווי אויסזיכטלאז, אז מיר זאלן באקומען הילף פון דער היים: ערשטנס, איז נישטא פון וועמען צו באקומען און צווייטנס, עס איז צו ווייט. ווייטער פרעג איך וועגן א פלאץ צו שלאפן? דארויף קריגן מיר ווידער א טרויעריקן ענטפער. איך האב זיי דערציילט, אז כ׳בין געווען שוין אין אן ארבעטס־לאגער, אבער מיר האבן געהאט גאנץ אנדערע לעבנס־באדינגונגען, מיר האבן באקומען הילף פון דער היים, מיר האבן געהאט א געלעגער פון 35־40 ס״מ. האבן זיי אונדז געענטפערט, אז מיר האבן געהאט א גן־עדן, ווייל אין דעם לאגער איז אבסאלוט נישטא וואו צו שלאפן. עס געפינען זיך אין לאגער לערך 8־10 טויזנט מענטשן און אין גאנצן איין

באראק. א גרויסער און נייער באראק ווערט ערשט געבויט. וועגן עסן איז אויך די זעלבע תשובה: "קינדערלעך ־ האט זיך איינער אפגערופן צו אונדז ־ ווי איז אייך מיט אונדז אלע צוזאמען, וואוהין מיר זענען אריינגעפאלן". זיי האבן דערציילט, וואס עס פאסירט מיט די מענטשן, ווי אזוי מען מוטשעט זיך ביז צום טויט. און אז יעדעס מאל קומען אן נייע טראנספארטן מיט מענטשן און אלטע פירט מען ארויס קיין "בעלזשעץ".

מיר האבן זיך דאן דערוואוסט עפעס וועגן דעם "בעלזשעץ", וואו ווארשיינלעך האט מען אונדזערע ליבע און טייערע אוועקגעפירט. מיר האבן זיך דערוואוסט, ווי אזוי מען פירט פיל מענטשן אויף דעם יאנאוואר־צווינטער און מען שיסט זיי אויס. און נאך פיל אזעלכע שרעקלעכע ידיעות. איך האב אבסאלוט נישט געוואוסט וואס עס טוט זיך מיט מיר אויסהערנדיק די ידיעות. איך האב זיך צונויפגעטראפן מיט פיל היימישע מענטשן. מיר האבן זיך אנגעקוקט. איך האב זיך צונויפגעטראפן מיט מענטשן מיט וועלכע איך בין אויך געווען אין בארקי־לאגער. פון זיי האט מען בלויז געהערט איין ווארט "ווי אזוי זעט מען זיך צוריק אין בארקי־לאגער". נא, אזוי זענען מיר אריינגעפאלן. גארנישט צו מאכן. צו זוכן ערגעץ־וואו א געלעגער איז געווען אבסאלוט צוועקלאז. האבן מיר באשלאסן זיך צו לייגן שלאפן אין די נייע באראקן, וועלכע האבן נאך גארנישט געהאט, נאר פיר ווענט און א דאך. קיין פענצטער, קיין טירן, קיין דיל. קיין רייד פון אן עטוואס איינגעארדנט געלעגער. עס האט אזוי זיך פארצויגן ביז פאר נאכט. דעמאלט איז דער המון לאגערניקעס צוריקגעקומען פון דער ארבעט אונטער באוואכונג. . . .

## דער ערשטער "מאלצייט" . . .

מען דארף זיך שטעלן אין לאנגע רייען נאך דעם שטיקל ברויט און "קאווע", אבער קיינער פון אונז האט נישט געהאט אין וואס די קאווע צו נעמען, האבן מיר געמוזט פון אונדזערע דריי פארציעס ברויט איינע אוועקגעבן און אזוי קויפן א טעפל אויף צו נעמען די קאווע. די קאַפּאָס זענען ארומגעלאפן און געשלאגן. און אזוי זענען מיר אריינגעגאנגען אין א באראק אן א טיר און אן א פענצטער. מיר האבן אוועקגעשארט די שפענער און שטיינער פון אונטער זיך און מיר האבן זיך אנידערגעלייגט שלאפן אויף דער נאקעטער ערד. מיר האבן זיך אלע דריי צוזאמענגעדריקט און נישט קאנענדיק זיך באהערשן, נישט רעדנדיק קיין ווארט, בלויז געוויינט. איין ג־ט ווייסט דעם אמת, אז איך האב די גאנצע נאכט קיין אויג נישט געקאנט צומאכן. נאר נישט ווילנדיק האבן זיך קוואלן פון טרערן פון די אויגן געגאסן. גרויס איז געווען דאס אומגליק! א זייגער 5 פארטאג האט אנגעהויבן קלינגען דער גלאק. די קאַפּאָס זענען ארומגעלאפן און מערדערלעך געשלאגן בכדי דעם המון פון די באראקן ארויסצוטרייבן. פיל האבן זיך אפילו נישט געקאנט אויפהייבן, ווייל זיי זענען שוין געווען אן כוחות, אויסגעמוטשעט פון דער שקלאפעריי. פארשטייט זיך אז דאס זענען געווען מענטשן, וואס האבן זיך געפונען אין לאגער פון פריער און האבן שוין לענגער פארזוכט דעם ביטערן טעם. . .

מיר זענען אויפגעשטאנען און געגאנגען זיך וואשן צו די שטורצן, וואו דאס קאלטע וואסער האט זיך געגאסן איבער די קאריטעס. גלייך נאך דעם וואשן האבן מיר זיך איינגעשטעלט אין די לאנגע רייען צו באקומען דעם "פרישטיק". דער פרישטיק איז באשטאנען פון שווארצער, ביטערער קאווע און א שטיקל ברויט פון 50 גראם. באלד האט ווידער דער גלאק אנגעהויבן קלינגען און די קאַפּאָס האבן געשריען: "אפעל! אפעל!" פיל מענטשן האבן אפילו נישט געהאט קיין צייט דעם "פרישטיק" צו באקומען. באלד איז ווייטער געקומען א באפעל, אז אלע נייע מענטשן, וואס זענען ערשט נעכטן אריינגעקומען אין לאגער, זאלן זיך אויסשטעלן באזונדער אויף אן אנגעוויזענעם ארט. די אנדערע מענטשן האבן זיך אויסגעשטעלט אין "בריגאדעס". יעדע בריגאדע האט שוין געהאט איר ארט, אויף זייער א גרויסן פלאץ אין א גרויסן קרייז. אין מיטן איז געווען דער שטענדער מיט'ן גלאק, און דערנעבן א גרויסער שטענדער פארן לאגער־פירער.

אלע בריגאדע־פירערס האבן געמאכט פארשיידענע "מושטירונגען" מיט זייערע בריגאדעס. נאר אזוי ווי מיר האבן נאך נישט געהאט קיין בריגאדע־פירער, האבן מיר גארנישט געטאן, נאר געשטאנען. דא איז צו אונדז צוגעקומען אן ס"ס מאן און געגעבן א באפעל: "ארבייטס־קאלאנע שטילשטאנד!" מיצע אב!" און אזוי זענען מיר געשטאנען און צוגעקוקט זיך ווי יעדער בריגאדע־פירער גיט אפ דעם ראפארט, וויפיל מענטשן ער האט. די ס"ס־פירער האבן באלד זיך גענומען אויסרופן פארשיידענע נעמען פון מענטשן, וואס האבן געמוזט ארויסגיין פון די רייען און האבן זיך אויסגעשטעלט ביים שטענדער מיטן גלאק. נאכדעם האט דער ס"ס־פירער אויסגערעכנט מיט וואס יעדער פון זיי האט זיך "פארזינדיקט", און ווי אזוי מען דארף זיי אלע באשטראפן. צום ביישפיל, איינער האט נישט דורכגעפירט גענוג פלייסיק עפעס אן ארבעט, האט ער באקומען 50 שמיץ. א צווייטער איז נישט שנעל אראפגעשפרונגען פון געלעגער, ווען דער קאַפּאָ האט אים געוועקט, 25 שמיץ. ביי איינעם האט מען געטראפן עטלעכע זלאטעס, דארף מען אים דערשיסן. איינער האט ביי דער ארבעט, אויסערן לאגער, געבעטלט א שטיקל ברויט, האט ער באקומען א שטראף "איינבינדונג". דאס איז געווען דאס שרעקלעכסטע און ערגסטע. אן אנדערן האט מען געכאפט ווען ער האט געפרואווט אנטלויפן, דארף מען אים הענגען. . . .

אזוי זענען יעדן טאג געווען צענדליקער באשטראפטע און אלע האבן זיך דערצו געמוזט צוקוקן, שטיין אויף "מיצע־אב, שטילשטאנד". דער לאגער איז געווען ארומגעצאמט מיט צוויי רייען פון שטעכיקן דראט. אין אלע עקן זענען געווען היכע וואך־טורעמס, אויף וועלכע די וועכטערס זענען געשטאנען באוואפנטע וועכטערס.

נאכדעם ווי די רוצחים האבן דורכגעפירט די שטראפן און געגעבן פארשיידענע אנווייזונגען, איז געפאלן דער באפעל, אז אלע בריגאדעס זאלן גיין צו זייערע ארבעטן. בלויז מיר, די נייע, זאלן בלייבן. נאכדעם ווי אלע זענען אונטער באוואכונג ארויסגעגאנגען צו דער ארבעט, זענען צו אונדזער בריגאדע צוגעקומען דער לאגער־פירער און עטלעכע ס"ס־לייט און האבן איינעם א בחור פון אזיעראן געמאכט פאר בריגאדיר, און א צווייטן א מילניצער, פאר

אונטערבריגאדיר. נאכדעם האט דער לאגער־פירער דורכגעקוקט אלע מענטשן, צי אלע האבן די געלע לאטעס אויף דער ברוסט און פלייצע, און אויך צי די רויטע פאסן אויפן רוקן און פארנט אויף די הויזן זענען דייטלעך אנגעפארבט מיט אייל־פארב. נאכדעם האט ער דעם בריגאדיר און דעם אונטערבריגאדיר געגעבן א באפעל צו מאכן צוויי ליסטעס פון אלע נייע מענטשן, אנגיבן די נעמען, געבורטס דאטעס און ארטשאפט. דאס האט געדויערט ביז ארום 9 אזייגער. דאן זענען ארויסגעקומען 9 רוסישע פאליציאנטן, די אזוי גערופענע "אסקארי" און 9 ס"ס־לייט. אלע זענען געווען גוט באוואפנט מיט אויטאמאטיש געווער און אנדערע וואפן. זיי האבן אונדז געגעבן א באפעל זיך אויסצושטעלן צו 5 און צו גיין אין איין מארש־טריט און טאקט. זיי האבן אונדז ארויסגעפירט פון לאגער אין א נישט־באקאנטער ריכטונג. אויפן וועג האבן זיי פארלאנגט, מיר זאלן עפעס זינגען. און אזוי זענען מיר געגאנגען אונטער דער באוואכונג נישט ווייסנדיק וואוהין. מיר זענען אזוי געגאנגען דורך פארשיידענע געסלעך ביז זיי האבן אונדז פארפירט צו א גרויסן טאל. א גאנץ שמאלער וועג האט געפירט צו א שטארקן בארג־אראפ, צו א ציגעלניע (א ציגלפאבריק).

## דער ערשטער סקאלער קרבן

אז מיר זענען צוגעקומען צו דער ציגעלניע, האבן זיי אונדז באפוילן, יעדער זאל נעמען צו 4 ציגל און ארויפטראגן אויפן בארג. דארטן, אויפן בארג, האבן זיי אוועקגעשטעלט עטלעכע מענטשן, זיי זאלן צוזאמענלייגן די ציגל. אליין האבן זיך די רוצחים אויסגעשטעלט אויף דער גאנצער לענג פון וועג. אויפן בארג זענען געשטאנען צוויי פארשוינען מיט מאשין־ביקסן און אונטן צוויי אויך מיט מאשין־געווער. די איבעריקע רוצחים האבן אויף אן אומרחמנות'דיקן אופן געשלאגן און געטריבן דעם עולם. "לאס! לאס!" און אזוי זענען מיר אלע, איינער הינטערן אנדערן געלאפן מיט די ציגל ארויף און ליידיק צוריק נאך פרישע ציגל. עס האט זיך לכתחילה אויסגעדאכט, אז דאס איז נישט קיין שווערע ארבעט, ווייל פיר ציגל וועגן בערך א 16 ק"ג, אבער וואס אמאל האט מען זיך איבערצייגט, אז עס איז גארנישט גרינג, ווייל מען איז שנעל מיד געווארן פון געיעג און דעם בארג־ארויף. בכדי אנצוואווארפן אויף אונדז א גרויסע שרעק, האבן די רוצחים געהאלטן אין איין שיסן אין דער לופט. אזוי זענען מיר באין ברירה געלאפן. עס דערמאנט זיך מיר גענוי, ביים פערטן מאל ווען איך בין צוריקגעלאפן, איז שוין געלעגן דער ערשטער סקאלער קרבן, שמואל פיאקערניק'ס זון, וואס האט זיך שווער געראנגלט מיטן טויט פון א קויל, וואס ער האט באקומען, מן הסתם אין די לונגען. שוואר האט ער זיך געמאטערט ביי א קליינעם רינשטאק. די רוצחים זענען געשטאנען און האבן געשעפט תענוג און האבן נישט געוואלט אים דערשיסן. און אזוי בין איך ווייטער געלאפן מיט די ציגל און ווען איך בין צוריקגעלאפן, איז שוין געלעגן א צווייטער קרבן, א מילניצער, און דער ערשטער קרבן האט זיך נאך געראנגלט מיט'ן טויט, אבער שוין אין רינשטאק, אדער ער האט זיך אהין אליין אריינגעקאטשעט אדער די רוצחים האבן אים אריינגעווארפן אהין. נאך לאנגע מאטערנישן איז ער אויסגעגאנגען. . . .

## חיים ברעטלער

# הומאר פון פינסטערע טעג

## טעפ און די ישועה

ידן זענען באקאנט אלס א פאלק מיט הומאר. אין יעדער סיטואציע, אין יעדער צייט קאן זיך א ייד וויצלען און אפילו לאכן. דערפאר זענען אונדז גוט באקאנט די זאפטיקע יידישע אויסדריקן "לאכן מיט יאשטשערקעס", "ס'איז ווי צום געלעכטער" אאוו. איך וויל דא איבערגעבן אייניקעביישפילן פון יענעם הומאר, ווען יעדער פון אונדז איז געשטאנען כמעט מיטביידע פיס ביים ראנד פון קבר. איך וויל נאך צוגעבן, אז דאס זענען נישט קיין אויסגעטראכטע מעשיות, נאר אויטענטישע פאקטן.

אין דער ערשטער צייט פון דער דייטשער אקופאציע ווען די נאצישע מערדער האבן בלויז גערויבט יידיש האב און גוטס, לאזנדיק דערווייל די פיזישע פארניכטונג אויף שפעטער, איז זייער ערשטער צארן אויסגעגאנגען צו יידישע מעבעל און הויפטזעכלעך קיך־געשיר. יעדן טאג האבן זיי פארלאנגט טעפ, טעלער, פעסער אאוו. דער "יודנראט" האט זיך אונטערגענומען אלע פארלאנגטע זאכן צוצושטעלן, כדי די רשעים זאלן זיך אליין נישט ארויסלאזן איבער יידישע הייזער. די ארבעט פון צושטעלן קיך־געשיר איז געווען אן איסערגעוויינלעך שווערע, ווייל מען האט געהאט צו טאן מיט די ווייבער, און פאר יעדן טעפל האבן זיי געמאכט קולות. א טייל האבן געשאלטן אדער געלאפן זיך באקלאגן צום "יודנראט", גלייך ווי דאס וואלט געווען אן ערנסטע צרה. דאריבער איז יעדער "ארדנונגס דינער" געווען גרייט צו טאן יעדע ארבעט, אבי נישט צו ברענגען קיין טעפ. די שוועריקייטן האבן אזוי אנגעהאלטן ביז דער השי"ת האט זיך מרחם געווען און צוגעשיקט א "מלאך" (איך מיין א טעפ־נעמער) אין דער געשטאלט פון חיים יעגנדארף (שיפע). אליין שוין נישט קיין ארבעטס פליכטיקער, האט ער פרייוויליק זיך אונטערגענומען אויסצופירן די פיינלעכע ארבעט פון צושטעלן קיך־געשיר. נישט קוקנדיק אויף די געוואלדעס און קללות פון די ווייבער, האט ער דורכגעפירט זיין ארבעט בשלמות און דער טעפ־מאנגל האט אויפגעהערט: ער האט זיך קאנצענטרירט אויפן פסחדיקן געשיר, פלעגט ער אויסמיידן די שטיבער און גיין גלייך אויף די בוידעמער. אונדזער מאטיע ווײדבערג, פארזיצער פון "יודנראט", וואס האט נישט איינמאל בארואיקט די ווייבער, וואס פלעגן זיך

קומען באקלאגן אויף אים, האט ליב געהאט צו רעדן מיט חיים'ען וועגן די"ענייינים". באזונדערס ווען עס איז געווען א "גרינגערער" טאג, פלעגט ער, מאטיע, אנהויבן דעם שמועס בזו הלשון: "אוי חיים, חיים! ביזטו אויף צרות, אלע יידן בעטן צו דערלעבן די ישועה, און אז די ישועה וועט קומען, וועלן די ווייבער דיך ארויספירן אין מארק און הענגען, פאר די צוגענומענע טעפ, שיסלען, פעסער און וואס נישט?" ביז איינמאל האט חיים זיך אנגענומען מיט קוראזש און מאטיען צוריקגעפרעגט: "וואס וועט איר טאן, ה' ווײדבערג? איר האט צוגענומען ביי די יידן דאס געלט, דאס צירונג, די פוטערס, איר האט פארשיקט מענטשן אין לאגער אריין?" און מאטיע ענטפערט אים גלייך אן א שמייכל: "איך? איך וועל אנטלויפן מיט די דייטשן". דערהערנדיק דעם ענטפער, איז חיים געבליבן א געפלעפטער. מאטיע ווײדבערג וועט אנטלויפן מיט די דייטשן!? ער איז עטלעכע טעג ארומגעגאנגען א שווייגנדיקער, ביז ער איז איינמאל אריין אין "יודנראט" און צוגייענדיק צו מאטיען, האט ער אזוי געזאגט: "הער ווײדבערג! איך האב נעכטן איבערגערעדט מיט מיין ווייב, רייזיע'ן, און מיר האבן באשלאסן, אז ווען די ישועה וועט קומען, וועלן מיר פארקויפן די שטוב און צוריקקויפן אלע ווייבער נייע טעפ. און איר, אז איר ווילט אנטלויפן מיט די דייטשן, לויפט" . . .

## "די יידישע מאכט"

דער ווינטער פון 42־1941 איז געווען פאר יידן א זייער שווערער. אלץ האט אויסגעפעלט, אנהויבנדיק פון פרייהייט און ענדיקנדיק מיט א שטיקל ברויט. צוויי זאכן האט דער באשעפער נישט געזשאלעוועט זיין אויסדערוויילט פאלק ־ צרות און שניי; און די צוויי זענען געווען געקנופט און געבונדן. יעדן טאג האט מען געטריבן יידן ריייניקן דעם שניי און יעדן טאג זענען געווען צרות. שוין דאס צושטעלן דעם געפאדערטן קאנטיגענט צו דער ביטערער ארבעט איז געווען פארבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן, ספעציעל נאך דעם צווייטן לאגער־טראנספארט, וואו די גרעסטע צאל געכאפטע איז געווען דאן ביים רוימען דעם שניי דאס האט אין א גרויסער מאס געשאפן א מחיצה צווישן די יידן און דעם "יודנראט", ברענגענדיק א קריזיס פון צוטרוי מצד די ערשטע לגבי די לעצטע. איך וויל דא איבערגעבן א מעשה שהיה פון יענער צייט, וואס וועט בולט באווייזן דעם פירוד הלבבות פון יענער צייט.

אין א דאנערשטיק, ענדע פעברואר 1942 זענען אנגעקומען פון ערגעץ א צאל לאסט־אויטאס מיט אונגארישע סאלדאטן אויף זייער וועג קיין רוסלאנד. דער וועג צו דער בריק איז אבער געווען פארבלאזן מיט שניי און זיי האבן נישט געקאנט דורכפארן. זיי האבן זיך געווענדעט צו דער געמיינדע נאך ארבעטער, כדי באלד ריין צו מאכן דעם וועג, און דער בירגערמייסטער, קאוואלישין, האט תיכף געפאדערט מענטשן פונם "יודנראט", באטאנענדיק, אז מ'זאל די סאלדאטן נישט לאזן דארט לאנג ווארטן, ווייל עס קאן ברענגען צרות. דער "ארדנונגס־דינסט" איז געשיקט געווארן צו ברענגען די נויטיקע מענטשן, ווייל וואס פריער די רשעים וועלן אוועקפארן, וועט זיין בעסער. נאר ס'טוט זיך נישט ווי עס רעדט זיך. כמעט אלע מענער, הערנדיק, אז עפעס רודערט זיך אין

״יודנראט״ מיט דייטשן און די ״ארדנונגס־דינסט״ זוכט מענטשן צו דער ארבעט, האבן זיי זיך באהאלטן. און אויב מ׳האט שוין יא עמיצן געטראפן, האט ער זיך אפגעזאגט צו גיין. עס האבן נישט געהאלפן קיין פארזיכערונגען מצד די ״ארדנונגסדינער״, אז דאס איז נישט קיין לאגער נאר מען וויל פארמיידן אז די זעלנער זאלן אנטאן צרות, אויב די ארבעט וועט נישט געמאכט ווערן אין דער צייט. עס האט גארנישט געהאלפן. און ווען משה בילגאריי הי״ד, לויפנדיק פון שטוב צו שטוב, איז אריינגעקומען אין הויז פון משה וויינגאסט און געטראפן אים אין דער היים, האט זיך דער לעצטער אפגעזאגט צו גיין. אויף בילגארייס אלע פארזיכערונגען (זיי זענען געווען פריינט), האט משה וויינגאסט געזאגט: ״ווי קאן איך דיר גלויבן, ווען דו ארבעסט פאר דער ״יידישער מלוכה״, און זיי גלויב איך נישט״. און ווען בילגאריי, א מידער און אויפגערעגטער, האט אים געזאגט: אויב דבורים און אויפקלערונגען העלפען נישט, וועל איך דיך דארפן שלעפן. האט אים משה וויינגאסט געענטפערט: ״איך ווייס אז דו קענסט מיט מיר, אדער מיט אנדערע יידן, טאן וואס דו ווילסט. נאר ווייסטו משה, ווען איך וועל וויסן, אז דו האסט טאקע מאכט? אז דו וועסט צוגיין צו מאטיע ווײדבערג׳ס הויז און נעמען דעם שווארצן מעטרי (מיינענדיק דעם גוי דמיטרי מוליארטשיק, א פולשטענדיקער אידיאט, וואס איז תמיד געזעסן פאר מאטיע ווײדבערגס הויז)״. דער ארגומענט האט געווירקט, משה בילגאריי האט אים שוין נישט גענומען, נאר א פארטראכטער ווייטער געלאפן פארזארגן אנדערע ארבעטער.

## די פעלץ־מצווה . . .

געווען איז דאס אין א זונטיק, דער באקאנטער זונטיק אין חודש דעצעמבער 1941, ווען אלע יידן האבן געמוזט אפליפערן צום ״יודנראט״ אלע פוטערנע מלבושים, פעלצן, מענערישע און ווייבערישע. די אזוי גערופענע ״פעלץ־אקציע״ האט ארומגענומען אלע מינים פוטערס, ווי אויך קאלנערס, היטלען און אפילו הענטשקעס. מיט די יידישע ווארעמע מלבושים האבן די דייטשן ימ״ש געפלאנט צו באקליידן זייערע סאלדאטן אויפן רוסישן פראנט און אזוי ארום באקעמפן דעם מוראדיקן ״דיאדיא מאראז״ (דעם פעטער פראסט). דער אפליפערונגס־באפעל איז געקומען אין דער לעצטער מינוט, כדי די יידן זאלן קיין צייט נישט האבן די קעגנשטאנדן צו פארקויפן. אין שטאט איז געווארן א טומל, יעדער ייד האט געפרואווט פארקויפן, אדער אוועקגעבן צו א גוי כאטש א טייל פון די ווערטפולע זאכן. דערפאר האט זיך אין די ערשטע שעה׳ן כמעט קיינער נישט באוויזן אין ״יודנראט״ און די שפאנונג איז דארט געוואקסן, ווייל לויטן באפעל האט פאר נישט אפליפערן די זאכן געדראט טויט־שטראף.

איינער פון די ערשטע האט זיך באוויזן שלמה סופר, הי״ד, ברענגענדיק זיין פארמעגן, זיין אפגעכוימלט פוטערן־קוטשמאלע. ווען מאטיע ווײדבערג האט דערזען דעם ״פאטשאנטעק״ האט ער מיט א ביטערן שמייכל א זאג געטאן: ״שיינע מתנות ברענגט איר דער דייטשער ארמיי״ און ווענדנדיק זיך צום סעקרעטאר פיש האט ער געזאגט: ״פארשרייב א פעלץ מצווה״ (מיינענדיק צו שרייבן אין דער רובריק ״פעלץ־מיצע״־א היטל).

## אסתר יעגענדארף־הערצאג



# ווי מיר האבן אפגעראטעוועט די ספרי תורה פון סקאלע

ווען די דייטשע סאלדאטן זענען אריין אין אונזער שטעטל סקאלע, איז שוין באלד זייער ערשטער אקט געווען א שענדלעכער: זיי האבן גענומען פערד־און־וואגן, געפארן פון שול צו שול און צעגויפגענומען אלע ספרי תורה. זיי האבן די ספרי תורה ארייגעלייגט אין א קאמער, אויף א הויף, וואו מיר האבן פאר זיי געטאן צוואנגס־ארבעט, צווישן אנדערס אויך געשניטן סיעטשקע פאר די בהמות. דארטן האבן די ספרי תורה זיך געוואלגערט.

איין מאל קומט אריין דער נאצי דער קאמענדאנט און זאגט צו מיין מאן: "נעמט צוזאמען דעם גאנצן שמוץ פון דאנען און פארגראבט עס אין דינגער (גנאי)". ביי וועלוול וואסערמאן אויפן הויף איז געווען א גרויסער פלאץ ארומגענומען מיט שטיינער און דארט האט מען געשאטן דאס מיסט פון די בהמות. זאל מען דארט פארגראבן די ספרים. ענטפערן מיר: "גוט, הער קאמענדאנט", און ווען ער איז אוועקגעגאנגען, האט מיין מאן געזאגט צו הערש ברעטשניידער, אויך א צוואנגס ארבעטער: "ווי קאן מען אזוינס טאן? מיין הארץ דערלאזט דאס נישט, מיר וועלן נאך זען". אויפן צווייטן טאג קומט דער נאצי ווידער אריין און שרייט שוין פארוואס מען האט נישט אויסגעפילט זיין באפעל. ענטפערט מיין מאן אז אזוי ווי אין דרויסן איז אלץ פארפרוירן, מוז מען נאך צוואווארטן. "אלזא — זאגט ער — ביז מארגן פרי זאל דער שמוץ מער דא נישט זיין". לויפן מיר ארום און מען זוכט אן ארט , געפינט מען א קליין בוידעמל, פון וועלכן די טרעפ זענען שוין נישטא. רייסן מיר זיך אפ דאס געזונט און מען שטופט ארויף די ספרי תורה אהין.

ווען די סאוויעטן זענען צו אונדז געקומען און אונדז באפרייט, און יעדער איז געווען מיד און צובראכן, האבן מיר אינגאנצן פארגעסן צו גיין זען צי די ספרים זענען נאך דא. אין א צייט ארום, ווען מיר האבן זיך אביסל בארואיקט איז מיין מאן, מיט נאך עטלעכע יידן, צוגעגאנגען דארט צום פלאץ און פון דעם בוידעמל אראפגענומען 39 ספרי־תורה. אלע זענען זיי אין גוטן צושטאנד געווען אפילו מיט די "מענטעלעך". מען האט זיי ארייגעשטעלט אין דער סטריסעווער

קלויז. ביים אוועקפארן פון סקאלע, ווען אלע יידן האבן זיך אנגעהויבן צו פאקן, האט מען צונויפגעקלאפט א פאר קאסטנס און ארייגעלייגט די ספרים. א שבת אינדערפרי, אנהויב יוני 1945 קומט מען פון דער באן און מען זאגט מ׳זאל שוין ארויספארן מיט דעם באגאזש, ווייל פארנאכט גייט אוועק דער טראנספארט מיט די מענטשן. הויבט מען אן צו לויפן זוכן פורן און יעדער פאקט זיך און מען פארט צו דער באן. ווען מען קומט שוין ארויף און מען לייגט צונויף די פעק, און מען איז מיד און אנגעווייטנט, דערמאנט זיך מיין מאן און ישראל פעקער, אז מען האט נישט ארויפגעבראכט די ספרי תורה צו דער באן. גייען מיר אראפ און זוכן אויס א פור און מען לייגט ארויף די קאסטנס מיט די ספרים און מיר גייען נאך דער פור, מיט אראפגעלאזטע קעפ און וויינען. ס׳איז געווען א שיינער אוונט, די לבנה האט געשיינט און אויף די גאסן האט מען נישט געזען קיין איין מענטש. איך קוק זיך ארום און עס פאלט אויף מיר א שרעק, וואס פון אונדזער שיין און לעבעדיק שטעטל איז געווארן. דאס איז געווען מיין לעצטער בליק אויף אונדזער שטעטל סקאלע.

## מען וויל זיך באפרייען
## פון דעם גרויסן טויט־שרעק
## נאר מען לאזט נישט

מערץ 1943 זיצן מיר, אלע ארבעטער, ביי משה ווײדבערג אין הויז און מען וויל הערן עפעס נייעס, ווייל עס איז געקומען פון בארשטשאוו אהרע׳לע (יצחק יעקב קלעזמערס אן אייניקל) און דערציילט אז מען לעבט דארט אין גרויס שרעק, אבער מען זעט א סך יידן און מען רעדט פאליטיק. ער טוט אפילו אמאל א זינג צווישן יונגווארג, ווייל ער האט געקענט זייער שיין זינגען. אינמיטן אויספרעגן אים וועגן בארשטשאוו קומט אריין הערש, ישראל שמעון׳ס זון. דערזעייענדיק אהרעלען, זאגט ער: ״אוי, אהרעלע, עס איז דא אזוי אומעטיק, מען זעט נישט קיין מענטש, איך קום צולויפן אהער אלע מאל, איך זאל עפעס הערן. און אז היינט האב איך דיך געטראפן, זינג זשע אונדז עפעס, מיר זאלן פארגעסן אויף א פאר מינוט די גרויסע צרות.״ לאזט אהרע׳לע זיך לאנג נישט בעטן און זינגט ״מיין שטעטעלע בעלז״, און הערש זיצט און קוועלט און זאגט: ״אוי, ווען איך זאל קאנען אים צוהעלפן מיט מיין פידעלע״. און מיר האבן טאקע פארגעסן וואו מיר געפינען זיך. מיטאמאל גיט זיך א מאך אויף די טיר און מיר דערשרעקן זיך אלע. עס שטייט משה ״זובע״ (יואל קצב׳ס אן אייניקל) און גיט א געשריי: ״וואס זיצט איר דא און זינגט? עס הייבט זיך איצט אן אן אקציע אין בארשטשאוו!״ און מיר צולויפן זיך. אין איין מינוט איז דאס גאנצע הויז געווארן ליידיק. דאס איז געווען אסתר־תענית און עס איז טאקע געווען א גרויסע אקציע אין בארשטשאוו ביי וועלכער אסך סקאלער זענען דעמאלט אומגעקומען.

חיים ברעטלער

# אונדזערע רעשטלעך נאָך דער באַפרייאונג

דעם 23טן מערץ 1944 איז געקומען די געגאַרטע באַפרייאונג, אָבער לײדער צו שפּעט. עס האָבן איבערגעלעבט בלויז אַ קליין ביסל ייִדן. דעם 24טן מערץ האָבן זיך גענומען באַווײַזן די על־פּי־נס געבליבענע. אָפּגעריסענע, אויסגעדאַרטע און פאַרוואָרלאָזטע, קוים שלעפּנדיק די קראַנקע פיס. און דערזעענדיק אַנדערע ליידנס־ברידער האָבן זיך אויפגעסניי געעפנט די טרערן־קוואַלן, כאָטש אַביסל אָפּצושווענקען די שווערע שטיינער, וואָס האָבן מוראדיק געדריקט אויף די שוואַכע הערצער. אַנקוקנדיק צום ערשטן מאָל, אַלס פרײַע מענטשן, די פון־ייִדן־אויסגעליידיקטע שטאָט, האָבן מיר ערשט באַנומען דעם גרויסן בראָך. אונדזערע גויישע שכנים זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע נעז, קוקנדיק אויף אונדז, די "נידעריקע" באַשעפענישן. די כלומרשט בעסערע פון זיי האָבן געוויזן געמאַכטע "רחמנות־פּנימער" און פאַרוואונדערונג: "פון וואַנען האָבן זיך שוין ווידער גענומען ייִדן? זיי די ייִדעלעך וועלן זיכער צוריקמאָנען די אונדז געגעבענע זאַכן, וואָס מיר נוצן שוין פון לאַנג". זיי זענען דאָך געווען זיכער אַז קיינער וועט נישט דערלעבן עפּעס צוריק צו מאָנען. די ערגערע האָבן זיך גלאַט דעם ערשטן טאָג נישט געוויזן אין גאַס, מורא האָבנדיק פאַר נקמה.

מיר האָבן גענומען זוכן צווישן די האַלב חרובע ייִדישע הײַזער אַ פּלאַץ וואו זיך אַרײַנצוציִען. מיר האָבן אויסגעקליבן די גאַנץ־געבליבענע הײַזער, די וואָס זענען בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע געווען פאַרנומען פון די דײַטשן, אָדער פון היימישע אוקראַינער. אַנדערע פון אונדז זענען אַוועק צו די "גוטע" גויים אָפּצונעמען זייערע זאַכן, בכדי צוצודעקן זייערע האַלב־נאַקעטע גופים, ווי אויך צו באַקומען אַביסל שפּײַז, האָפנדיק, אויף אַ רויִקן אופן, צו קומען צו די כּוחות און אָנהויבן אויף די חורבות צו בויען אַ נײַ לעבן. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. שוין מאָנטיק דעם 26טן מערץ האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומטראָגן קלאַנגען, אַז די רוסן ציִען זיך צוריק אונטערן דרוק פון אַ לאָקאַלער דײַטשער אָפענסיווע. עס איז אויך גרינג געווען דאָס אַראָפּצולייענען פון די פּנים'ער פון די אוקראַינער. ווען די

דערשראקענע יידן האבן זיך וועגן דעם נאכגעפרעגט ביי די אין סקאלע סטאציאנירטע רוסישע אפיצערן (יידן), האבן זיי זיך אויסגעלאכט און פארזיכערט, אז אלץ איז אין ארדענונג, און אז מיר דארפן נישט מורא האבן. קוקנדיק ווי די רוסן ארדענען זיך איין, פארנעמען דירות פאר די אפיצערן, האבן מיר זיי געגלויבט (א ברירה האבן מיר געהאט?). דאס האט זיך אזוי געצויגן ביז מיטוואך. דעם 28טן מערץ, ארום 10 פרי האבן מיר דערזען, אז פלוצלונג האבן די רוסן זיך איינגעפאקט און פארלאזן אין איילעניש די שטאט. די פאניק און דער פחד פון ביסל יידן איז געווען גרויס, יעדער האט געטאן ווי ער האט פארשטאנען.

א טייל זענען ווידער געלאפן זיך באהאלטן ביי באקאנטע גויים, וויסנדיק וואויל, אז זיי גיבן זיך איבער אין זייערע "הענט". זיי זענען געווען אפגעשוואכט, נישט־מסוגל צו לויפן, האבן זיי פשוט קיין אנדערע ברירה נישט געהאט. געציילטע יחידים (איך בתוכם) זענען אוועק מיט די אפטרעטנדיקע סאוויעטן. עס געדענקט זיך א פאל פון דעם בלוטיקן מיטוואך: איך בין געשטאנען בעת דער בהלה פון אנטלויפן, נעבן פרענקל'ס הויז און געקלערט וואס צו טאן: איז צוגעקומען צו מיר חיים גאטעספעלד. האבן מירביידע געטראכט און זיך געישובט וואס צו טאן: לויפן מיט די סאוויעטן, אדער זיך ערגיץ באהאלטן אין שטאט?

מיטאמאל האבן מיר דערזען ווי פון דער גאס פון דעם "דאָם פאלסקי" קומט אן א דייטשער טאנק אריינדרייענדיק זיך אויף דער הויפט־גאס אין דער ריכטונג פון דער אלטער שטאט. נישט פארלירנדיק קיין איבעריקע מינוט זענען מיר ביידע געלאפן. קומענדיק ביז דעם בית המדרש האט זיך חיים גאטעספעלד א פארמאטערטער אוועקגעזעצט אויפ'ן צעמענטביים בית המדרש, און ער האט ווייטער נישט געקאנט גיין. איך האב געוואלט אים העלפן אויפשטיין, האט ער נאר געזאגט: גיי ראטעווע דיך, מיר וועט שוין גאר נישט העלפן (ער איז טאקע דעמאלט דערשאסן געווארן). איך בין געלאפן צו דער שול; פון דארט צוזאמען מיט רוסישע סאלדאטן, וואס זענען ארויס פון דער שטאט, און זיך צוריק געצויגן. אויפן וועג איז מיר נאך געלונגען מיטצונעמען דעם נישט לאנג פארשטארבענעם פישל פיש. דער ערשטער אפשטעל איז געווען לאסיאטש, 12 קילאמעטער פון סקאלע. דארט האב איך געטראפן די משפחה העשעלעס און נחמיה שטאק. דארט בין איך אויך געוואויר געווארן דאס גרויסע אומגליק וואס האט געטראפן מיין אנקל דוד טאבאק. ער איז געווען פון די געציילטע, וועמען עס איז געלונגען זיך צו ראטעווען מיט זיין משפחה (א פרוי און צוויי קליינע מיידעלעך). אנטלויפנדיק מיט א רוסישן לאסט־אויטא, איז דאס יינגערע מיידעלע דערשאסן געווארן ביי דער מוטער אויף די הענט. אזוי איז צוגעקומען נאך א קרבן שוין נאך דער באפרייאונג... אזוי צעווייטאגטע איז מען ווייטער געלאפן. צוערשט צופוס און שפעטער האט מען זיך איינגעבעטן ביי רוסישע אפיצערן וואס האבן אונדז מיטגענומען און געבראכט קיין קאפיטשיניץ. אנגעקומען קיין קאפיטשיניץ האבן מיר זיך דערפרעגט צו יידן (די עטלעכע יידן האבן זיך אויפגעהאלטן ביים דענטיסט יוסף טייג). ווען מיר האבן זיי איבערגעגעבן אלע נייעס, האבן זיי זיך פון אונדז אויסגעלאכט. עס האט זיך אבער שפעטער ארויסגעוויזן אז מיר זענען געווען גערעכט. מיר זענען די נאכט איבערגעזעסן ביי טייג'ן און צומארגנס דאנערשטיק,

צוזאמען מיט די קאפּיטשיניצער פּארלאזט די שטאט און אנגעקומען קיין כאראסטקאוו. דארט האבן מיר זיך אויפגעהאלטן עטלעכע טעג, און ווען מערערע יידן זענען אנגעקומען אהין זענען מיר ווייטער געלאפן ביז פּאדוואלאטשיסק. דארט האבן מיר געהערט, אז די רוסן האבן צוריקגענומען סקאלע. נישט האבנדיק קיין געלט צו קויפן שפּייז האבן מירביידע, פּישל פּיש און איך, געארבעט אין א מיליטערישער בעקעריי און אויף אזא אופן זיך אויסגעהאלטן. אפּזייענדיק דארט עטלעכע וואכן, האבן מיר אנגעהויבן צוריקגיין מיט דעם זעלבן מארשרוט קיין סקאלע און אנגעקומען אין א פרייטיק נאכמיטאג אהיים. מחמת מיר זענען געווען הונגעריקע און אפּגעריסענע, האבן אונדזערע יידישע בני עיר אין אונזערע אויגן אויסגעזען ווי "גראפן", ריין אנגעטאן, פארזארגט מיט וואוינונגען און ארבעט און אזו. מיר, דאקעגן, האבן זיך ארויסגעזען מיט אונזער געפאלנקייט. נאר עס האט נישט לאנג געדויערט און איך האב דורך דארא זאנדבערג געלאזט וויסן גדליה לאכמאן וואו איך געפין זיך און וועגן מיין מצב. אינגיכן האט דארא געבראכט וועש, מלבושים, שטיוול און אנדערע זאכן פון גדליה'ן. שבת אינדערפרי בין איך אוועק אין באד אריין, לאזנדיק דארט מיין "שיינע" הלבשה מיטן שמוץ און ארויסגעקומען אין די פרישע בגדים א מענטש. שוין דעם זעלבן שבת בין איך גערופן געווארן צו די רוסישע זיכערהייטס - ארגאנען, וואו דער הויפּט, דאכט זיך, גאלוביעוו, האט מיט מיר פארבראכט כמעט צוויי שעה, אויספרעגנדיק פארשיידענע פּרטים וועגן געוויסע מענטשן און זייער אויפפירונג בעת דער דייטשער אקופּאציע (מערסטענס וועגן אוקראינער). ער האט אלץ פארצייכנט און צום סוף מיר געהייסן אנשרייבן אלע דעטאלן און אים דאס איבערגעבן.

איך האב גלייך אנגעהויבן ארבעטן ביי דער באן און אזוי ארום געבליבן אין סקאלע. איך האב ביי דער באן געארבעט בלויז א קורצע צייט, ווייל כ'בין אריבערגעפירט געווארן אין וואיענקאמאט ד.ה. די מיליטערישע קאמענדאטור, וואס איר הויפּט־אויפגאבע איז געווען צוזושטעלן אלע מענער פון 18 ביז 50 יאר אלט צום מיליטער־דינסט, פארשטייט זיך נאך א פיזישער אונטערזוכונג. איך האב דארט געהאט א פאראנטווארטלעכע ארבעט און געקאָנט טאן פארשיידענע זאכן. לכתחילה, איידער איך בין דארטן אנגעקומען צו ארבעטן, זענען עטלעכע יידן געשיקט געווארן צום מיליטער: לייביש מאזנער, וואס איז דערגאנגען ביז הוסיאטין, דערנאך זיך איינגעארדנט אין טארנאפּאל (געשטארבן אין קאנאדע 1969) שלום עפּשטיין, וואס איז נאך אייניקע חדשים מיליטער־דינסט באפרייט געווארן, (איצט אין ניו־יארק) מענדעל רינגעל (היינט אין ישראל) משה דונאיער (איצט אין מיאמי) און אברהם פייערבערג (נפטר געווארן אין אמעריקע).

דער הויפּט ציל פון דער ארבעט איז אבער ביי מיר געווען נקמה אן די היימישע שונאים, אפּצאלן כאטש טיילווייז אונדזערע פארטיליקערס, אוקראינער, וואס האבן בעת דער אקופּאציע זיך ממש געבאדן אין יידיש בלוט. זיי האבן אפילו נישט געפּונען פאר נויטיק צו אנטלויפן און זענען געווען זיכער אז זייערע יידישע קרבנות וועלן זיי נישט "ארויסגעבן" ווארום זיי לעבן דאך נישט און פאר אייגענע, פאר גויים, דארף מען נישט מורא האבן, זיי זענען נישט בעסער. דערפאר טאקע האב איך געטאן אלץ, וואס איך האב געקאָנט, כדי צו באוועגן די מאכט־ארגאנען

זיך צו נעמען צו דער ארבעט. די אוקראינער, מיטן גלח'ל ימ"ש בראש, וענען אויך נישט געשלאפן. זיי האבן מיט אלע מיטלען געזוכט צו באווירקן זייערע סלאווישע ברידער נישט צו נעמען קיין שטעלונג צו די אלע זאכן מיט דער טענה, אז "נאך אלעמען זענען די אוקראינער פראדוקטיווע ארבעטער. מעגלעך, אז אין געוויסע פאלן זענען זיי געצוואונגען געווארן דורך די דייטשן צו געוויסע מעשים. אבער וועמען האבן זיי געשעדיקט? - יידן".

מיר פון אונדזער זייט, האבן קעגנגעווירקט מיט אזעלעכע ארגומענטן, אז זיי האבן געמוזט אפעלירן צו אונדזערע באפרייער. למשל: מיר האבן אויפגעוויזן שווארץ אויף ווייס, אז די אלע פארביסענע שונאי ישראל זענען גלייכצייטיק סאוויעטן־האסער, וואס ווילן א זעלבסטשטענדיקע אוקראינע אויף בײדע זייטן זברוטש, און כדי דאס צו באקומען האבן זיי זיך פארבונדן מיט די דייטשן און זענען ווייטער פארבונדען מיט זיי. זיי זענען די מערדערס פון אייערע און אונדזערע מענטשן. און אונזערע טענות האבן געווירקט.

מיטן אנקום פון א ציווילער מאכט האבן מיר זיך גלייך גענומען צו דער ארבעט. דא מוז איך גלייך דערמאנען צום גוטן בעריש ווײדבערג ע"ה, וואס איז געשטארבן שוין דא אין אמעריקע. אין יענער צייט איז ער געווען מיין אח לצרה, מיר האבן זיך באהאלטן אינאיינעם און איבערגעלעבט די קאטאסטראפע. נאך דער באפרייאונג איז ער, בעריש ווײדבערג, מער ווי יעדער אנדערער געווען אקטיוו אין דער באשטראפונגס אקציע פון די רוצחים. ער אליין האט געהאט גענוג באוויז מאטעריאלן און האט באוואויגן אנדערע דאס צו טאן.

עס זענען אלס פועל־יוצא פון אונדזערע באמיאונגען פאראורטיילט געווארן און ארויסגעפירט געווארן אויף 25 יאר די פאלגנדע:

1. דר. קאטארינא מאָדנא.
2. מילקא סקאראדא (דער ארויסגעבער פון מיינע עלטערן).
3. מיכאל קונקא.
4. יאן ליטשאק.
5. סטעפאן דוכינסקי.
6. מילקא קראווטשוק (קוואסניאקס איידעם).
7. פעטרא סאפיאניוק.
8. מיכאל וויעליקאנאוויטש.
9. יוזעף פישער.
10. ציפאליוק פון ציגאן, (דער מערדער פון מיין פעטער מאיר־זוסי טאבאק הי"ד) געשטארבן אין אונטערזוכונגס ארעסט.
11. אדאם דזשאבאק געכאפט אין טשארטקאוו, פאראורטיילט.
12. סיעקיערעוויטש - דער מערדער פון אהרון שאפירא פון פאדפיליפיע.

עס זענען אויך דערשאסן געווארן ביי פארשיידענע אבלאוועס די פאלגנדע:

1. יאסקא סטאריצקי־אן אוקראינישער פאליציאנט.
2. מיראסלאוו (סלאווקא) מיידאניוק.

3. מיקאלא טשעפעסיוק ,(דער פוהרמאן פון נאצי ענגל).
4. יארעמא. ער איז געווען א באוואפנטער באנדעראוויץ ־ באנדיט. בעת מען האט אים געכאפט, האט ער אראפגענומען די ביקס פון אקסל און געפרואווט שיסן. ער איז אזוי דערשאסן געווארן אויפ׳ן ארט.
5. דער יונגער קונקע, וואס האט געווארפן דעם גראנאט צו דודיע הערשער אין הויז און געטויט זיין פרוי.

עס זיינען אויך דערשאסן אדער פארשיקט געווארן טעטיקע אוקראינער פון די ארומיקע דערפער.

אין לויף פון די אונטערזוכונגס־פארהערן זענען ארויסגעקומען פארשיידענע פרטים וועגן דער יידן־פארניכטונג, עס וואלט אבער פארנומען צופיל פלאץ איבערצוגעבן יעדן אינהאלט. א פאראיינלצטן פאקט וועל איך יא איבערגעבן, ווייל דאס באווייזט וויפיל סודות פון אומקום מיר וועלן זיך שוין קיינמאל נישט דערוויסן:

ווען עס האט זיך אנגעהויבן די טאטאלע ליקווידאציע פון די יידישע ישובים אין אונזער געגענט, איז שבת, דעם 5טן יוני 1943 דורכגעפירט געווארן אין בארשטשעוו א גרויסע אקציע, ביי וועלכער א סך סקאלער זענען אומגעקומען. זייענדיק צו יענער צייט אין סקאלע, האב איך דעם אנדערן טאג, זונטאג, געשיקט א שליח קיין בארשטשעוו, כדי זיך צו דערוויסן ווער פון מיין משפחה האט זיך געראטעוועט. איך האב באקומען אן ענטפער פון מאגיסטער טייבער אז מיין שוואגער חיים ראפאפארט הי״ד איז געבליבן לעבן, נאר זיין מוטער האט מען שבת דערשאסן. אויך מיין מומע, מאיר זוסי טאבאק׳ס פרוי, סאלציע, האט מען דערשאסן. מיט מאיר זוסיע׳ן, דאגעגן איז א רעטעניש: עס איז אים געלונגען זיך אויסצוקויפן פון א געסטאפא מאן און ער איז ערגיץ פארשוואונדן געווארן. ער איז נישטא נישט צווישן די לעבנגעבליבענע, און נישט צווישן די טויטע. ערשט שפעטער, בין איך געוואויר געווארן פון ציגאנער גויים, אז זיי האבן מאיר זוסיע׳ן געזען יענעם מורא׳דיקן שבת אין דארף ציגאן, און אז דער גוי ציפאליוק האט אים גע׳הרגעט. איך האב דעם מערדער געקענט פון פאר דער מלחמה און עס איז מיר שווער געווען צו גלויבן, אז ער, ציפאליוק, זאל דאס טאקע האבן געטאן. איך האב נאר געטראכט (אבער נישט געגלויבט) אז אויב איך וועל איבערלעבן, וועל איך זיך איבערצייגן אין דעם. און צום יאר פון דער רציחה, ווען מיר האבן גענומען מאנען חשבון פון די שטאטישע יידן־מערדער, האב איך אנגעהויבן צו דריקן און פארלאנגען, אז מען זאל ארעסטירן ציפאליוקן פון ציגאן, כדי צו דערוויסן זיך דעם אמת. עס איז אבער געווען א שווערער ענין: ציגאן איז געווען אפגעטיילט פון סקאלע מיט 7 קילאמעטער וואלד (דאס א.ג. ציגאנער וואלד) און דארט האבן געבושעוועט די ״באנדעראווצעס״, אזוי אז דורכגיין אדער דורכפארן דאס וואלד איז געווען פארבונדן מיט סכנות נפשות. דאך איז ענדלעך געלונגען אים צו ארעסטירן. אט ווי אזוי עס געדענקט זיך: ווען איך בין אין א נאכמיטאג ארויפגעקומען אויף זיין פאדווירע (הויף), איז ער געשטאנען און צוזאמענגעראבלט דאס שטרוי נאכן מאָלאָציען. נאך איידער ער האט צייט

# משה ביתן

# גרעין "החלוץ" בסקאלה



גרעין הציונות שזרעו בי מורי ר' אברהם לדרמן ובתו הניה, נבט בלבי והחל לצמוח. הכמיהה למעשים פורצת כל סייג ומכשול. אותו קיץ הגיעה לכפר הסמוך לעיירתנו, ציגאן, קבוצת חלוצים ראשונה להכשרה חקלאית. אני הייתי ממבקריה הקבועים של הקבוצה מדי שבת בשבתו, מקשיב בענין לשיחותיהם על בנין ארץ-ישראל המתחדשת, בניין העם היהודי וקיבוץ גלויותיו בארץ, הקמת חברת עובדים ומגשימים על יסודות צדק ושויון, ע"י כוחות בונים ויוצרים. הולכת ונוצרת תנועה גדולה ורחבה למען בניין הארץ ואף בעיירתנו „מתחילים העניינים לזוז". זרם הפליטים היהודים מרוסיה הבולשביסטית הביא לסקאלה צעירים רבים, מהם ציונים נלהבים וצמאי-מעש. נוצר קשר נפשי ורעיוני ביניהם ובין הציונים המקומיים, ומיד ניגשים לפעולות של ממש: אירגון הנוער המקומי והקמת סניף ה„חלוץ". הנני מראשוני המצטרפים, אם כי הצעיר ביניהם, שש לכל מעשה שיש בו משום פורקן לשאיפותי, עיצוב דיעותי והגשמת מאוויי.

מקימי „החלוץ" בסקאלה היו החברים מרדכי פינגרמן ז"ל וייבדל לחיים ארוכים וטובים יצחק בוכהלטר (בהט), שבמרוצת הימים הצטרף למשפחתנו. „החלוץ" הוקם במרץ ובתנופה. נשכרה דירה מרווחת וקושטה בתמונות וסיסמאות מתאימות. חיים שוקקים ופעילות מגוונת החלו להתנהל בבית החלוצים הזמני. עזרה ניכרת ויחס אוהד וחם היו מנת חלקנו מצד עסקני הצבור המקומיים במיוחד ייזכרו לטובה ולברכה מכובדינו מאטיע ויידברג, ישראל-לייב פרייפלדר ומשה פיירשטיין, זכרונם לברכה. הם עודדונו ככל שיכלו, ותוך חדשים מעטים התקינו עבורנו בקומת הקרקע של „בית העם" חדרים מרווחים וציוד מינימלי.

וכך קיבלנו לרשותנו "בית החלוץ". הצטרפו אלינו ממיטב הנוער בעיירה, בוגרים וגם מתבגרים. החלה תקופה סוערת ושוקקת חיים: יצרנו כמה קבוצות של "חוטבי עצים" - העבודה היחידה שיכולנו להסתגל אליה ולכבשה. בימות החורף מצויה היתה זו בשפע, ואם־כי הגויים שעסקו בה מאז ומתמיד התרעמו במקצת על „המתחרים" הבלתי–צפויים, בכל זאת הסתדרנו לא רע. הצטיידנו במשורים ובגרזנים. היה בינינו חבר צעיר, מסגר במקצועו, והוא היה משחיז המכשירים שלנו. התחלנו לטעום טעם של עבודה יוצרת, אף מכניסה שכר הוגן. קשיי ההסתגלות לעמל גופני מפרך היו לא מעטים. גם התנגדות ההורים הכבידה עלינו. אולם שמחת העבודה בצוותא גברה על כל הקשיים, והתמדנו בכך במשך כל חודשי החורף של שנת 25־1924.

עם בוא האביב התחלנו להתענין במציאת מקום מתאים להכשרה חקלאית באחד מכפרי הסביבה. התקשרנו עם מרכז "החלוץ" בלבוב ומשם ניתנה לנו ההדרכה המתאימה בשטח זה. החברים הקשישים והפעילים שבינינו היו מיכאל נחמן, בריש שטוק, משה פיש ופייבל גוטספלד. פינגרמן ובוכהלטר (בהט) עזבו בינתיים את סקאלה בדרכם לארץ־ישראל ואיתם ה„חברות" שבחרו לעצמם בתקופת היותם בעיירה, אחת מהן אחותי הבכירה מלכה.

מטעם מרכז „החלוץ" „זיווגו" אותנו עם קבוצת חלוצים צעירים מעיירה סמוכה לנו, מילניצה, ולאחר חג הפסח יצאנו להכשרה חקלאית לכפר סמוך למילניצה, איווני־פוסטה שמו.



**הכשרת "החלוץ" בכפר איבניה פוסטה ב־1920 וביניהם חלוצי סקאלה.**

*Training farm (for the future pioneers of Israel) in Iwanie Puste in 1920. In the group are Skala youth, including the author.*



קבוצת "הנוער הציוני" במחול הורה בכניסה לבוסתנו של הרוזן גולוכובסקי.

*Members of Hanoar Hatzioni, dancing the Hora at the entrance to the Goluchowski gardens.*

עבורי היתה זו תקופה מיוחדת במינה, המשך נאות להתפחותי הרוחנית והנפשית, אחת ה„אוניברסיטאות" הבלתי פורמליות שלי, שאין בצדן מתן ציונים ותעודות.

יעקב הערצאג

# טעאטער אין סקאלע און די גרינדונג פון דער יידישער ביבליאטעק

דאס וואס איך וויל דא דערציילן איז פארגעקומען אין יאר 1909. אין אמתן זענען נאך פריער געמאכט געווארן פרואוון צו ארגאניזירן עפעס א מין טעאטער־פארשטעלונג בעת טאנץ־אוונטן.

אין יאר 1909 בין איך געקומען אהיים (נאך א לענגערער צייט נישט זיין אין שטאט) און נאך די ימים טובים האב איך זיך דערוואוסט, אז די העברעאישע שולע נויטיקט זיך אין פינאנציעלער הילף.

אין א שבת זענען זיך צונויפגעקומען ביי זיידע סאבעל אין שטוב, מאטי ווײדבערג, חיים ווײדבערג, משה ווײנרויב, אברהם באסיק, חיים גאטעספעלד און איך. עס זענען דארט אויך געווען ביידע לערערס פון דער שול: מ.א. טענענבלאט און ב.צ. שיוועק. מיר האבן באהאנדלט פארשיידענע פראיעקטן, ווי אזוי צו באקומען א ביסל געלד פאר דער שולע. מ׳האט באשלאסן אנצונעמען מיין פארשלאג וועגן ארגאניזירן א טעאטער־פארשטעלונג.

א פאר טעג שפעטער זענען מיר זיך צונויפגעקומען ביים לערער טענענבלאט אין שטוב. איך האב מיטגענומען א פאר פיעסעס און מיר האבן באשלאסן צו שפילן ״גאָט, מענטש און טייוול״ פון יעקב גארדין. באלד אויף דעם ארט האבן מיר פארטיילט די ראלן:

״די שטימע פון ג־ט״ און פראלאג ־ אברהם באסיק;
דער שטן (טייוול) ־ אריאל מאזיק־איך;
הערשעלע דובראוונער ־ בן־ציון שיוועק;
פעסעניו, זיין פרוי ־ פרוי טענענבלאט;
לייזער בדחן, זיין טאטע ־ משה ווײנרויב;
פריידעניו, און ציפעניו ־ זייערע פלימעניצעס ־ פרוי שיוועק און פרייליין אריע
חאצקל דראכמע ־ משה ווײדבערג;
דאבע, זיין פרוי ־ חיים גאטעספעלד;
מאטעלע ־ זייער זון ־ מ.א. טענענבלאט;

די ראָל פון דאבע האט געשפילט חיים גאטעספעלד, ווייל מיר האבן נישט געקענט געפינען נאך א פרוי.

די ראָלן פון די פיר מלאכים האבן געהאט קליינע מיידעלעך.

אין סקאלע האט דעמאלט געוואוינט א קראנקער יונגערמאן מאיר בערגער. א סקאלער איז ער געווען און געקומען איז ער פון ניו־יארק קורירן זיך אין דער היים־שטאט. איך פלעג אים אפט באזוכן, און ווען איך האב אים דערציילט וועגן אונדזער פלאן צו שפילן גארדינס פיעסע, האט ער זיך זייער דערפרייט. ער איז געווען א מבין און א קענער פון יידישן טעאטער. באלד אויפן ארט האט ער פאר מיר אפגעשפילט די גאנצע פיעסע און געזונגען דעם ניגון פון "מזמור לדוד", ווי עס פלעגט אים זינגען אין ניו־יארק דער באריםטער אקטיאר דוד קעסלער. מיר האבן זיך גלייך גענומען צו די פראבעס, געדונגען דעם אוקראַינישן לייען־זאל (די טשיטאלניע) און פארזארגט דאס נויטיקסטע פאר דער פארשטעלונג.

מיט דער פארשטעלונג האבן מיר געהאט גרויס דערפאלג. דער זאל איז געווען געפאקט און אסך מענטשן זענען אפילו געבליבן אינדרויסן איבער מאנגל אין פלעצער. דער רושם אין שטעטל איז געווען א גרויסער. אין פינאנציעלן זין איז אויך געווען א דערפאלג; פון דער הכנסה האט די שולע באקומען 80 רייניש (א שיינע סומע פאר יענער צייט).

אין שטאט האט מען געפאדערט, אז מיר זאלן איבערחזרן די פארשטעלונג און באפרידיקן יענע, וואס האבן נישט געקאנט אריינקומען דאס ערשטע מאל.

מיר זענען זיך ווידער צונויפגעקומען ביי זיידע סאבעל צו באטראכטן דעם פארשלאג. איינער פון דער גרופע האט פארלאנגט אז א העלפט פון דער הכנסה פון דער צווייטער פארשטעלונג זאל מען באשטימען פאר א ביבליאטעק אין סקאלע. נאך א לענגערער דעבאטע איז דער פארשלאג אנגענומען געווארן.

מיר האבן ארגאניזירט די צווייטע פארשטעלונג און איר דערפאלג איז נישט געווען קלענער פון דער ערשטער. די הכנסה אין א סכום פון 76 רייניש האבן מיר פארטיילט העלפט אויף העלפט, ד.ה. 38 רייניש פאר דער שולע און 38 פאר ביבליאטעק־צוועקן. מיר האבן באשטעלט ביכער פון ווארשע און אזוי האבן מיר געשאפן די ערשטע יידישע ביבליאטעק אין שטאט.

פון די אלע וואס האבן זיך באטייליקט אין די פארשטעלונגען זענען היינט דא בלויז צוויי: מ.א. טענענבלאט אין ישראל און איך, י. הערצאג אין ניו־יארק.

איידער איך בין אוועקגעפארען קיין אמעריקע האב איך זיך באטייליקט נאך אין איין פיעסע אין אונדזער "טעאטער" אין סקאלע, אין "די פאמיליע צבי" פון דוד פינסקי.

לויט ידיעות, וואס איך פלעג באקומען, האט די אמאטארן־גרופע פארטגעזעצט איר טעטיקייט. ווען איך בין געקומען קיין סקאלע אין יאר 1929 אלס גאסט, האט מען דעמאלט געשפילט "שמע ישראל" פון דימאוו. די בינע איז

דעמאלט געווען א בעסערע (אין "דאם פאלסקי") און אויך דער זאל פארן פובליקום. די פארשטעלונג איז געווען, האלט איך, א גאנץ געלונגענע.

פון די, וואס האבן זיך באטייליקט אין "שמע ישראל" זענען היינט דא מינא (קארנבליט) פרענקעל אין ישראל, מ.ל. הערצאג אין ישראל און משה וויזענטאל אין ניו־יארק.

פ.ס. אין ניו יארק האבן אסך יארן געשפילט צוויי יידישע שוישפילערס אפשטאמיקע פון סקאלע: איזידאר קעשיר (קאסירער) און ח. גערטלער. קעשיר איז געווען פארבונדען מיט'ן מאריס שווארץ־קונסט־טעאטער. ביידע, קעשיר און גערטלער, זענען געווען באפריינדעט מיט'ן שריפטשטעלער און דראמאטורג חנא גאטעספעלד א סקאלער בן עיר.

## גדליה לאכמאן

# פאלקלאר און הומאר אין לעבן פון סקאלער יוגנט

דאס קולטורעלע לעבן פון דער יידישער קהילה אין סקאלע האט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פילזייטיקייט און פילפארביקייט. דער דור פון די זיידעס און פאטערס איז געווען טראדיציאנעל־רעליגיעז, אבער אן א סימן פון פאנאטישקייט. אודאי זענען געווען חסידים און מתנגדים, איינע ווי די אנדערע למדנים און פרומע דאווענערס אין די קלויזן און בתי מדרשים, דריי מאל א טאג געדאוונט האבן זיי מיט דבקות און התמדה. דער היימליקער און פרומער גייסט פון שבתים און ימים טובים האט געהערשט אין די גאסן און געסלעך פון שטעטל, ווייל די גויים האבן נישט געהאט דארט קיין דריסת רגל, — נישט קיין הייזער, נישט קיין דירות און נישט קיין געוועלבער, אלץ איז געווען ריין יידיש.

אויך דאס יונגוואוּרג, אפילו די פרייזיניקע און "אפיקורסים", האבן נישט געוואגט ארויסצואווייזן זייערע געפילן און אנשויונגען בפרהסיה. ווער וואלט דאס געוואגט צו רויכערן א ציגארל שבת, אפן פאר עמעצנס אויגן? און אויב מען האט שוין יא געטאן אן עבירה, איז נאר בחדרי חדרים, פונקט ווי יענער "מומר להכעיס" אויב ער פלעגט פרעסן א "קוויטשענדיקס", אדער, לא עלינו, עסן אין יום כיפור, איז נאר אונטער א שלאס און ריגל.

אויך די יונגע חברה, בחורים און יונגעלייט פון צווישן די פרייערע און פארגעשריטענע, האבן יוצא געווען מיט דעם, וואס זיי פלעגן גיין דאווענען שבת און ימים טובים מיט די טאטעס, אבער כדי מען זאל זיך חלילה נישט איבערדאווענען, איז ווי נאר מען האט געהערט — "ויהי בנסוע הארון ויאמר משה" ביי הוצאת התורה צום לייענען — האט מען זיך געלאזט אלע ווי איין מענטש, צו דער טיר און ארויס אויף דער גאס שפאצירן. צום לייענען פלעגן בלייבן נאר די עלטערע. מען איז אויך געווען אפגעהיט פון פאָרן שבת און דאס נישט נאר צוליב פרומקייט, נאר פשוט צוליב טעכנישע סיבות: מיט דער באן, וואס סקאלע איז געווען איר לעצטע סטאנציע ביי דער רוסישער גרענעץ, פלעגט מען פארן נאר צוליב געשעפטן, אדער אז מען האט, נישט דא געדאכט, געדארפט צו א

גרויסן דאקטאר. איז מען געפארן מיט דער באן קיין טארנטאפאל, סטאניסלאוואוו און בעיקר קיין לעמבערג. אזוי ווי אבער זונטיק איז געווען א שטרענגער חגא אין קאטוילישן פוילן, האט עס דאך נישט געהאט קיין שום צוועק צו פארן שבת.

דאס פירן פאסאזשירן 15 קילאמעטער קיין בארשטשיוו, אדער 35 קילאמעטער קיין טשארטקאוו איז געווען אן אויסשליסלעכער מאנאפאל פון די סקאלער פיאקערניקעס, אלע פשוטע יידן, אבער נישט קיין שבת־גויים, חלילה.

וועט איר דאך פרעגן — נו, וואס איז מכוח אן אויטאמאביל? דארפט איר וויסן, אז אזא מאשין איז געווען א גרויסע זעלטנהייט אין סקאלע! קיינער האט דאס נישט פארמאגט, און אויב עס האט זיך איין מאל אין א יובל באוויזן אזא כלי, איז מען פון אלע זייטן געלאפן קוקן דערויף ווי אויף א בייז וואונדער.

דערפון פארשטייט איר שוין מן־הסתם, אז אויב אפילו א פארעקשנטער בעל־תאווהניק האט געוואלט טאן עפעס אן עבירה׳לע, האט ער, נעבעך, געמוזט זוכן מיט ליכט א פאסיקע געלעגנהייט, און האט געליטן ממש פון חיבוט־הקבר נאך אויף דער וועלט. אפילו באדן זיך אין טייך זברוטש איז מען שבת וויניק געגאנגען. פאר מיטאג איז דאס וואסער געווען קאלט אפילו פאר די חוצפהדיקע "שבת־גויים", און נאך מיטאג האט מען מערסטנטיילס געכאפט א דרימל, פאר נאכט ווידער האט מען זיך געגרייט צום גרויסן שפאציר, פון דעם פוילישן קלויסטער ביז "אויבן אין טויער", פון דער שיינער אלייע, וואס האט זיך



הכנסיה הקטולית רומאית - אתר מרכזי בעיר.

*The Roman Catholic Church—dominant landmark in Skala.*

אנגעהויבן נעבן הערשל אשכנזי, און געפירט ביז צום איוואנקאווער וועג. אט דער דאזיקער שפאציר איז געווען א באשטענדיקער און טראדיציאנעלער טייל פונעם לעבן פון דער סקאלער יוגנט, אפילו אין מיטן דער וואך, אין די זומערדיקע ווארעמע אוונטן און נעכט. די הויפט־גאס האט גערעש׳ט מיט די קלינגענדיקע שטימעס פון מיידלעך און יינגלעך, און אז פעסיע יתום האט אויסגעשאסן מיט א געלעכטער נעבן איציע זאנדבערג, האט מען דאס געהערט הילכן ביי דער פּאָסט.

שפאצירט האט מען תמיד אויף דער לינקער זייט פון גאס, אנהויבנדיק פון עזריאל גאטעספעלדס הויז; ביי די קאסערנען האבן געוויסע פארלעך זיך פארדרייט צום "נייעם שטראס" און ארויסגעקומען ביי גאלוכאווסקיס קאפליצע, אנטקעגן אליעזר וואסערמאנס האלץ־סקלאד. די שפאצירער זענען נישט געווען איינזאם. עס האבן זיי באגלייט פון ביידע זייטן פון דער אלייע געוואלדיקעביימער, אלטע ריזן, וואס זייערע קרוינען האבן זיך פארלוירן אין הויכן הימל און אנטקעגן זיי זענען די מענטשעלעך דארט אונטן געווען געגליכן צו מוראשקעס.



טילת "אויבן־טויער" לאורך הפארק של הרוזן גולוכובסקי.
*On the promenade "Oib'n Toier" by the park of Count Goluchowski.*

די יוגנט, הייסט עס, האט באהערשט די לינקע זייט פון גאס, עלטערע יידן האבן זיך געוויינטלעך לאנגזאם שפאצירט אויף דער צווייטער זייט, גערעדט געלאסן און מיט יישוב־הדעת, יעדע עטלעכע שריט זיך אפגעשטעלט אדער אוועקגעזעצט אויף דער באנק אויבן אין טויער. דער אמתדיקער פארלאמענט האט אבער רעזידירט ביים גרויסן שטיין וואס נעבן שלמה

לעמבערגערס שטוב. דארט האט מען זיך שארף געפילפולט, א מאל אביסל געוויצלט, א סך פאליטיקירט און איינער פון די הויפטרעדנערס און דיסקוטאנטן איז געווען אהרון באננער. צען א זייגער ביי נאכט האט די גאס אויסגעזען ווי אויסגעשטארבן. אין לעצטן צענדליק יאר פאר דער צווייטער־וועלט מלחמה האבן געהערשט אנגעשטרענגטע און פיינטלעכע באציאונגען צווישן סאוויעט־רוסלאנד און פוילן, וואס איר רעגירונג און די גרויסע מערהייט פונעם פאלק זענען געווען אויסגעשפראכענע שונאים פונעם קאמוניזם. אין דער גרענעץ־זאנע לענג־אויס דער פויליש־סאוויעטישער גרענעץ ביז 15 קלמ. פון איר, האבן געהערשט שטרענגע פארשריפטן; ווער עס איז געווען פארדעכטיק אין פיינטשאפט צו דעם פוילישן רעזשים, אדער איז געכאפט געווארן פאר פעקלמאכעריי (שמוגלעריי), דעם האט מען אויסגעוויזן פון דער "סטרעפא גראניטשנא" (גרענעץ־פאַס) אויף חדשים און יארן.

אין יאר 1931 האבן אנגעהויבן די אוקראינער צו ארגאניזירן א ווידערשטאנד. זייער אונטערערדישע נאציאנאליסטישע ארגאניזאציע האט אויסגעפירט סאבאטאזש — אקטן, אונטערצונדן "סטערטעס" (סטויגן, הויפנס היי), וואס האבן געהערט צו פוילישע גוט־באזיצער אדער קאלאניסטן. דער פוילישער רעזשים האט פארשארפט זיינע גזירות. איינע פון זיי איז געווען די פאליציי־שעה, דהיינו 10 א זייגער אין אוונט. פונקט 10 פלעגט אלי מייזעלמאן, דער שטאט־פאליציאנט ("פאליצייניק") דווקא א ייד (דער צווייטער איז געווען באליצקי מיט דער פויק), פארלעשן די צוויי גרויסע גאז־לאמטערנעס, וואס האבן באלויכטן די הויפט־גאס. דאס איז געווען א סימן, אז מען דארף פארלאזן די גאסן. ווען דער סאלדאטן־פאטראל האט עמעצן געכאפט נאך 10 — אויב דער סערזשאנט איז געווען א שונא־ישראל — האט מען איינגעזעצט אין [illegible], אין א פארקראטעוועטער קאמער אין דער געמיינדע.

איך אליין האב טאקע זוכה געווען צו זיצן דארט א גאנצע נאכט. א מזל וואס מיר זענען געווען עטלעכע יונגע חברה, איז געווען פריילעך א גאנצע נאכט. געזעסן זענען אפרים גאָלדהירש, חיים ברעטלער, לייבעלע שווארצבאך, און די, וואס זענען שוין אויף יענער וועלט: שבתי וואסערמאן, פישעלע פיש, עדזיע וואסערמאן און אפילו צוויי שקצים. חיים ברעטלער איז דאך תמיד געווען א גרויסער לץ, האט ער די שקצים משוגע געמאכט, געלערנט זיי יידישע ווערטלעך, קללות פון דער תוכחה, פארדרייטע פסוקים, מעשה טוביה דער מילכיקער. פארטאג האבן זיי ביידע שוין גאנץ נישט שלעכט געקענט נאכזאגן, "גסיסה למיתה לחיים ארוכים וטובים, קוש אין (דאס) אלע קרובים, און טאמער בין איך א קרוב קוש'זשע מיך אויך".

אין דער פרי האט מען אונדז באפרייט און מיר האבן באשלאסן נקמה נעמען אין דעם סערזשאנט שטשעבלעווסקי, וואס האט אונדז איינגעזעצט. דער קאמענדאנט פון "קאפ" (גרענעץ־וואך), מאיאר קאקאשקא האט געקראגן פון אונדז א לאנגע אנקלאגע קעגן דעם סערזשאנט. מיר האבן אויפגעוויזן מיט אותות ומופתים, אז ער האט אונדז אומגעזעצלעך איינגעזעצט והראיה — אלי מייזעלמאן, דער "פאליצייניק", האט נאך נישט געהאט פארלאשן די צוויי

לאמטערנעס, איז דאך א סימן, אז עס איז נאך נישט געווען 10 אזייגער. עס איז דערנאך ארומגעגאנגען א סברה אין שטעטל, אז דער סערזשאנט שטשעבלעווסקי האט געקראגן א "נאגאנע" פונעם מאיאר. דאס זעלבע יאר, זומערצייט האבן מיר איינגעארדנט א פעסטין (א פעסטיוואל) אין באן־וועלדל, איז מען ארומגעגאנגען זאמלען "דאטקעס" (געלט־זאמלונג) אפילו צווישן די פאליאקן. גיי איך מיט ברוריה ווײדבערג און מיט לייבעלע שווארצבאך איבער די הייזער. מיר קומען צו שטשעבלעווסקיס וואוינונג, איז דאך קלאר, אז צו אים טאר מען נישט אריינגיין, ער וועט אונדז צערייסן ווי הערינג. זאג איך: מילא ("יידישע חוצפה" איז דאך באקאנט), וואס קאן שוין זיין, לאמיר אריינגיין. איר קאנט אייך שוין פארשטעלן, וואס פאר א פנימער מיר האבן געהאט, ווען דער סערזשאנט האט געגעבן 5 זלאטעס. אפילו שמריהו מעלצער וואלט דאך דאס נישט געגעבן! נו, גיי שאץ אפּ א גוישע, אנטיסעמיטישע קישקע!

נאך אן אנדערע צרה האבן געמוזט אויסשטיין סקאלער יינגלעך, כאטש נישט אלע. די צרה האט געהייסן "אנזייפן צום באסיין". וויסן דארפט איר, אז אויף דער "אלטער שטאט" און ביים מילעכל האבן געוואוינט 8 יידישע פאמיליעס, צווישן לויטער אוקראינער. ביי דער סאמע בריק האט געוואוינט עליע יאללעס און זיינע צוויי טעכטער סילוויע או מערי, גאנץ נישקשהדיקע מיידלעך. פלעגן זיי אויך שפאצירן ביז אויבן אין טויער, און אז עס האט זיך דערנענטערט די פאליצײ שעה, האט מען זיי געדארפט באגלייטן אראפּ פון דער שטאט ביז אהיים. מילא, אין א שיינער, ווארעמער זומער־נאכט, איז דאס געווען נאך א שטיקל שפאציר, אבער אין הארבסט, אין די בלאטעס, און ווינטער אין שניי און זאוויערוכעס איז דאס געווען א קליינער תענוג. האבן חברה לצים געפרואווט זיך ארויסדרייען פון אט דעם דזשענטעלמענישן חוב מיט פארשיידענע קונצן: א פלוצימדיקער ציינווייטיק, א בויך ווייטיק, די באבע איז קראנק, אויסגעוועכניט א פוס און פארשיידענע אנדערע המצאות. סוף סוף איז געבליבן א קרבן אדער צוויי, וואס האבן געמוזט אפפירן די מיידלעך אהיים. אזוי ווי נעבן זיי, ביי דער בריק, איז געשטאנען א גרויסער זעקס־עקיקער באסיין מיט פריש וואסער פון דער "זאפּוטיטשע" האט עס געהייסן, אז מען האט "אנגעזייפט א פרייער" און ער גייט זיך "וואשן" צום באסיין. איין מאל איז דאס געווען שמחה עדעלמאן, אן אנדער מאל מענדזיע שווארצבאך ("מ. קוש") אדער פישעלע פיש, אפילו דער כיטרער חיים ברעטלער פלעגט אריינפאלן אין זאק אריין, אז די אנדערע חברה האבן זיך אויף אים פארלייגט און אים "אנגעזייפט".

אסתר בנר־גלברט

# האבן של שלמה למברג

כאשר אני נזכרת בבית הורי ובמיוחד באבי היקר, אהרן בנר ז״ל, עולה, בד בבד עם זכרונותי אלה, גם זכרונה של אותה חבורת - ידידי אבי שרגילה היתה להתקהל ולהתישב על האבן הגדולה של בית שלמה למברג ע״ה. סבורה אני שאבי המנוח היה מבלה מחצית ימי חייו באותו מקום. הוא היה יהודי שומר מצוות, בקי בתנ״ך, בתלמוד ובשאר ספרי הקודש, ועם זאת היה אדם מתקדם ומרבה בקריאת ספרים חיצוניים. נהג לקרא בלהיטות את כל העיתונים שהיו מגיעים לעיירה, יתירה מזו, היה מעיין בספרים שאני הייתי מביאה מספרייתנו, הן בשפה הפולנית והן בשפה העברית. כאשר סבתי, פייגה מרמרוש החרדית, גילתה אזנו למוסר והעירה לו בהתמרמרות שהוא קורא בספרי־מינים ואפיקורסים ר״ל, השיב לה אבא ,בנחת, תשובה חותכת, שנחרתה בזכרוני: ״הן בתי לא תלמד גמרא, לכן צריך אני לקרא את ספריה, כדי שתהיה לנו שפה משותפת. ברור״.

לאבי היתה אמנם שפה משותפת עם בני גילו וגם עם צעירים ממנו. זוכרת אני איך היה מטייל, שעות ארוכות, עם ייקל אורבאך, חיים הירש, ניסן אולינגר ולביש שטוק־ ותמיד היה להם על מה שישוחחו ויתנצחו. ערב ערב היה אבי משתהה עד שעה מאוחרת על אותה אבן שעל יד ביתו של למברג. מי לא נמצא שם אותה שעה? הרשל אורבאך, מאיר זוסיא טאבאק, נחמן ברטלר, זכריה ויזנטאל, הרשל וויינטרויב וגם מוטי וידברג היה עובר על ידם לפעמים, ניגש, מצטרף ומשתתף בשיחות, כשחיוכו האופיני לו מרטיט על פניו. על מה לא נסבו אותן שיחות קולחות ועל מה לא היו דנים? פוליטיקה כללית ועניני ארץ ישראל, בעיות הקהילה ואף הקנוניות הבזויות הנרקמות בה בחשאי. אף זאת: לא התעלמו

גם מזוגות הצעירים שבקרב הנוער ה"מתחצפים" ומעיזים -שומו שמיים!- להתהלך שלובי זרוע, חבוקים וצמודים, ישמרנו השם"...

סיפר לי יוסף מורגנשטרן - שחר (כעת בישראל) כי זכורות לו ספקותיו של אבי בנוגע לסיכויו, קיומו ועתידו של המשק החקלאי בארץ ישראל. "שהרי מי יחלוב את הפרות ביום השבת, מי יחרוש את השדות, יזרע ויקצור? הרי יהודים, מטבעם, אינם יודעים לעבוד, ולא עוד: חזקה עליהם שהם בוסרים בעבודה גופנית מפרכת. לכל היותר מבקשים להם מלאכה קלה ונקיה," טען. ומאיר זוסיא טאבאק הוסיף נופך משלו והטעים:" לוא היו בארץ ישראל הגויים הערלים מהכפרים איבנקוב ובורדאקוביץ, אז שאני: להם אפשר למכור "בובל" (פסולת) סחורה, ואילו יהודי חכם ומחוכם לא יתן שירמו אותו".

שם על אותה אבן -כעין, "אבן הטוען" העתיקה- היו משערים מראש את תוצאות הבחירות ל"קולטוס פריזידענט" (ראש פרנסי הקהילה) תוך כדי השיחות והויכוחים הסוערים- הנלבבים היו שופעות השערות וניחושים, ואגב כך מתחוורות דיעות (וגם השפעות גלויות וסמויות) בהקשר לבחירות לסיים (פרלמנט) הפולני, לקונגרס הציוני ולשאר אירגונים ומוסדות ציבוריים..דברים העומדים ברומו של עולם לובנו והובהרו שם בהר היטב.

סבורה אני שחלק לא מבוטל מחייה ובעיותיה של קהילת-סקאלה נקבע, או נפתר שם על אותה אבן-סלע מוצקה...

אותה אבן-סלע ודאי מונחת עדיין במקומה, ברחוב, ואילו אלה שהיו פוקדים אותה, נשענים ונחים עליה, נאנחים, מתנים דאגות לבם, חולמים וצפים לגאולה - רוחות רפאים הם, אך לא יסוף זכרם.

# פראדל שטאק



## ביי דער מיהל

רוכצי האט גענומען דאס קוישעלע, וואס די מאמע האט געבראכט פון לאשקאוויץ, אריינגעלייגט דאס רויטע באד־העמדעלע מיט א שמעקנדיקן טאוועל זייף, גענומען דאס שירעמ׳ל און געזאגט: ״מאמע, איך גיי מיך באדן צו דער מיהל״.

- מיט וועמען?...זאלסט זיך נישט דערוועגן גיין אליין, דו הערסט?...ביי דער מיהל טראגט שטארק דאס וואסער...גיי גיכער צום ״זברוטש״...

- איך גיי צו חנה׳ן, די גאנצע שטאט גייט היינט...

- זאלסט נישט גיין ווייט אין וואסער, דו הערסט? זאלסט זיך אנהאלטען אן א סלופ...

די מאמע האט איר מיטגעגעבן צוויי שטיקלעך ברויט מיט פוטער, צוויי גרייצער אויף קארשן און נאכגעשריגן זי זאל זיך נישט זאמען.

ביי דער שטוב האט שוין חנה געווארט אויף איר. זיי זיינען דורכגעגאנגען דעם מארק, געקויפט קארשן, אריינגעשיט אין די שקארמיצן און זיך געלאזט גיין פריילעך דעם לאנגן וועג אין מיהל אריין. דער וועג איז געווען אנגעשיט מיט טיפן שטויב, דין און פיין ווי מעהל. און די שיך זיינען געווארן ווייס, פונ׳ם שטויב, פונ׳ם זומערדיקן שטויב. אומעטום האבן זיי באגעגנט מענטשן גיין פון דער מיהל אדער צו דער מיהל.

רוכצי האט זיך גע׳חידוש׳ט:

- די גאנצע שטאט גייט זיך היינט באדן...

- יא, די ג א נ צ ע שטאט...

- די מאמע וויל נאר איך זאל גיין צום ״זברוטש״, גלייך מיט אלע שלים־מזל׳ניצעס, ביי דער מיהל איז א מחיה, די כוואליעס צעקלאפן די פלייצעס...

- איך האב אויך נישט ליב ביים ״זברוטש״, עפעס דאס וואסער שטייט אויף איין ארט.

זיי זיינען דורכגעגאנגען דעם צווינטער, דערנאָך דעם אויבער־מילנער׳ס הייפּעל אַלץ ווייטער, ווייטער. באַלד האָבן זיי דערהערט דאָס קלאַפּן פון דער מיהל. אַז זיי זיינען צוגעקומען צום בריקל, וואָס אונטער דעם רוישט דאָס וואַסער אין מיהל־ראַד אַריין, האָט רוכצי דערפילט אַ לייכטן קלעם ביים האַרצן, ווי איינער וואָס דאַרף ערגעץ אַוועקפאָרן. אַזאַ מין קלעם, וואָס מען ווייסט נישט וואָס ער וויל פון אַ מענטשן...

דאָס וואַסער אונטער׳ן בריקל האָט געזאָטן, געשוימט. רוכצי האָט אַריבערגעקוקט די פּאַרענטשע. פון יענער זייט איז אָנגעקומען אַ גרין,שטיל וואַסער, דער "זברוטש", און געוואָרן אונטער׳ן ראַד אַ וואַסער פון דער מיהל.

זי האָט אַריינגעקוקט אין מיהל. אין דער טונקעלער מיהל האָט זיך געמאָלן אַזוי פריילעך ־ ברויט האָט זיך געמאָלן. ס׳האָט אַרויסגעשמעקט קאָרן, גערשטן, קוקורודזע.

זיי זיינען דורכגעגאַנגען די בודע מיט די רעוויזאָרן וואָס היטן די גרעניץ. בורקע, דער פּאַסט־בעאַמטער, איז געזעסן אין אַ ליכטיגן שטויב־מאַנטל, פאַר דער בודע, געקוקט אויף די יידישע מיידלעך וואָס גייען זיך באָדן, און געסוויסטשעט "דאָס פאַרלאָרענע גליק".

מיט אַ האַלבן קוק האָט רוכצי דערזען, אַז ער האָט גאָר ליכטיגע האָר.

און זי האָט געמיינט, אַז ער האָט שוואַרצע...ליכטיגע ווי דער שטויב־מאַנטל.

אַז בורקע האָט דערזען רוכצי׳ן, האָט ער איר נאָכגערעדט:

"קראַסנאַ"...

רוכצי האָט זיך נישט אומגעקוקט, נאָר געוואָרן אָנגעצונדן מיט שטאָלץ. חנה האָט זיך געדושעט.

ביים וואַסער זיינען שוין געווען אַ סך מענטשן. דער פּלאַץ מיט די בוימער פאַר׳ן וואַסער איז געווען פאַרלעגט מיט אָנטועכץ. ביים ברעג און אין וואַסער זיינען געשטאַנען מיידלעך אין באָד־העמדלעך, ווייבער איינגעהילט אין ליילעכער מיט נאַקעטע קינדערלעך אויף די הענט.

רוכצי האָט דערזען זייער שכנ׳טע עטי׳ן, מיט דעם קליינעם יאָסעלע׳ן אויף די הענט אַ נאַקעטן, וואָס האָט געקוויטשעט ווייל די זייף איז אים אַריין אין די אויגן און עטי האָט עס איינגענומען: "נאַרעלע, נאַרעלע, וואָס דו ביזט...שאַ, שאַ, אויסבאַדעניון...אויסבאַדעניון..." נאָר דאָס קינד האָט מורא געהאַט פאַר׳ן רעש פון דער מיהל, געריסן דאָס נאַקעטע גופ׳ל און געקוויטשעט: "וויניע, וויניע...

ווייבער לעבן איר האָבן זיך גע׳חידוש׳ט:

־ אַזאַ פּיצעל באַדט מען שוין?...

־ דער דאָקטאָר האָט געהייסן ־ נאַרעלע, שאַ, שאַ, שאַ...

באַדעניון, באַדעניון...

די אשר׳קע מיט׳ן קינד האָט זיך געפרייט:

־ אַה, אַ מחיה...מיינער באַדט זיך, לעבן זאָל ער...

זי האָט צוגעטוליעט דאָס נאַקעטע גופ׳ל צו זיך, איר פּנים צום קינד׳ס טריפּענדיג פּנימ׳ל מיט די אויסגעצוואָגענע הערלעך, צוגעקלעמט די ציין ווי אַ מאַמע, און געשריען: "אי, אי, אי, אי...

אז דאס קינד האט חנ׳עודיג געבעבעט, מיט די נייע ציין, זיך געפאטשט מיט די הענטלעך אין די בריסטלעך אריין, און געשריען "בוה, בוה" - האט עס די מאמע אויפגעהויבן אין דער הויך און זיך געפרייט.

- גוט טאטע, גוט?...א לעבן זאלסטו....

און אזוי האט מען אלע מאל נייע קינדערלאך אריינגעטראגן אין קאלטן וואסער, און די קינדערלאך האבן געדרייט מיט די קעפעלעך, געשריגן "טאי, טאי, וויניע, וויניע", געציטערט מיט די צינגלעך אין געוויין און נישט געוואלט, נישט געוואלט, נישט געוואלט זיך לאזען איינגעצן.

און די וואס האבן זיך שוין צוגעוואוינט און טאלאפעט אין וואסער, האבן געוויינט ווען מען האט זיי ארויסגעטראגן און געוואלט צוריק, ווייל ס׳איז זיי קאלט געווארן, און די פארבלוהטע קערפערלעך האבן געציטערט; האבן זיי געשטרעקט די הענטלעך מיט די בריסטלעך צוריק צום וואסער, און פון די קעפלעך האט נאך אראפגערונען דאס וואסער אויסגעמישט מיט די מילינעס פון די שמעקנדיגע זייפן.

רוכצי האט צוגעפגעלייגט דאס אנטועכץ הינטער א בוים, גענומען די זייף און אראפגעגאנגען אין וואסער אריין.

מיידלעך האבן זיך געבאדן פאר־ווייז און אין גאנצע רעדלעך: צו דריי, צו פיר, זיך אלע מאל אונטערגעטונקט מיט אן "אה־ה־ה!" און דער שווערער קלאנג פונ׳ם וואסער ווי פון א טיפעניש, האט זיך אויסגעמישט מיט זייער "אה־ה־ה".

רוכצי האט צוגעפגענומען די הענט און געפילט מיט יעדן טריט טיפער, אז דאס הארץ הויבט זיך העכער צום האלדז. חנה האט זיך שוין געבאדן און זי גערופן צו זיך, האט זי אבער געוואלט גיין העכער ארויף, וואו ס׳איז טיף.

די סאניכצע איז געליגן אויבנאן ביים לעצטן סלופ, אנגעשפארט עזות׳דיג ווי תמיד, און דאס ליילעך האט זיך אויפגעבלאזן פון די כוואליעס. דארטן, וואו די סאניכצע, האבען אלע מורא געהאט צו גיין; די כוואליעס האבן שטארק געטראגן פונ׳ם ראד גלייך ארויף אויף אירע פעטע פלייצעס. אז די סאניכצע האט דערזען ווי רוכצי גייט טיף אין וואסער אריין, נאך ווייטער פון איר, הינטער׳ן געביש, האט זי איר נאכגעשריגן:

- רוכצי, גיי נישט אזוי ווייט, כ׳וועל דערציילן דער מאמע׳ן, כ׳וועל דערציילן דער מאמע׳ן...

נאר רוכצי האט נישט געהערט, ארונטערגעגאנגען הינטער׳ן געביש, דארט האט זי געוואוסט פון א שטיין, וואס איז געליגן האלב אין וואסער, אין א בעהעלטעניש.

זי האט זיך אנידערגעזעצט אויפ׳ן שטיין, מיט איין האנט ארומגענומען דעם סלופ, און זיך אויסגעשטרעקט. די מיהל האט געקלאפט, גערוישט, פארטויבט די אויערן, זיך אויסגעמישט מיט׳ן קוויטשען פון די יונגע מיידלעך, נאקעטע קינדערלעך.

זי האט ארויסגענומען א פוס און אים באטראכט. דאס וואסער האט אראפגעטריפט פון דעם ווייסן פוס. פלוצים האט זי געטאָן א קוק אין די בלינדע

פענסטערלעך פון דער מיהל - ווער ווייסט, אפשר קוקט פון דארט ארויס בורקעל ... זי האט באהאלטן דעם פוס אין וואסער און זיך נאך טיפער איינגענעצט, אזש ביז די צוויי פארלייגטע צעפ זיינען נאס געווארן. - ער קעהר זיך איצט באדן ... אין גרויען שטויב־מאנטעל ... שווימט ארום, סוויסטשעט ... א וואַ־גאבונד...

זי האט געשטופט דאס וואסער אהין און צוריק, און געפילט א פארגעניגן פון דער שווערער גלאטקייט פונ׳ם וואסער. עפעס אזא גלאטקייט, ס׳האט זיך איר געדוכט אז די כמארעס דארפן אויך זיין אזוי גלאט. ס׳לעגט זיך אויף דער האנט אזוי רונד גלאט, און פלוצים ווערט עס גארנישט. "קראסנא".

אז זי איז ארויסגעקומען האט שוין חנה געווארט אויף איר און געהאלטןביים גיין, ווייל איר מאמע וועט איבערטראכטן.

די זון האט זיך אנגעהויבן אראפלאזן נידעריג צווישן די בוימער. כמעט אלע ווייבער זיינען שוין געהאט ארויס פונ׳ם וואסער. דאס געשריי האט זיך אנגעהויבן איינשטילן, א טייל האט שוין געגעסן דאס ברויט און פוטער, און אלדינגס איז געווען אזוי פריש, די ווייבער האבן אלע געשמייכלט, און ס׳האט פון זיי געשמעקט דאס וואסער, די מיהל, און די פנימ׳ער זיינען געווען רוהיג. זיי האבן געהאט א גוט הארץ אויף דער גאנצער וועלט; מיט דער שכנ׳טע, וואס מען האט זיך ערשט נעכטן געקריגט, האט מען זיך געוואלט איבערבעטן; געגעסן מיט אפעטיט דאס געשמאקע קאָרענע ברויט מיט קימעל, די זיסע קארשן, און געטיילט זיך מיט ווילד־פרעמדע.

האבן זיי זיך געלאזט אויף די וועגן אהיים, טייל דורכ׳ן צווינטער, טייל דורך דער "בלייך". אז זיי האבן בעגעגענט די מאנסבילן אנקומען פון דער אנדערער זייט, האבן זיי אראפגערוקט די טיכלעך איבער די שטערנס. די מאנסבילן האבן געשפאנט פריש, קרעפטיג, זיך געאמפערט גוטמוטיג איבערן ציוניזם און זיך געלאזט אהיים עסן וועטשערע.

דאס גאנצע שטעטל האט זיך אפגעבאדן. דאס גאנצע שטעטל האט געשמעקט פון וואסער, פון מיהל, פון פריש ברויט מיט קארשן, און איז געווען חבר מיט איטלעכן...

רוכצי איז אהיים געגאנגען מיט נעכע׳ן און דער מענדעליכע. פאר׳ן אוועקגיין האט זי געווארפן א לעצטן קוק אויף דער מיהל. פון די בלינדע פענסטערלעך האט שוין ארויסגעוואונקען די נאכט. עפעס האט געפייפט, עפעס האט זיך געריררט צווישן די כוואליעס, וואס האבן זיך געיאגט פונ׳ם ראד ... ביינאכט, זאגט מען, איז דאס וואסער ווארים ווי אקרופ, אבער ביינאכט האט מען זיך מורא צו באדן...

אויפ׳ן האלבן וועג האבן זיי זיך אפגעשטעלט און אומגעקוקט אויף צוריק. נעכע האט געזאגט, אז ס׳קומט צוריק דער כוח. די בוימער פונ׳ם צווינטער האבן געדרוישט אר־אה־ה־, אר־אה־ה־ה ... און רוכצי׳ן האט זיך אויסגעדאכט, אז דער כוח וואס קומט צוריק מאכט אר־אה־ה־ה־, אר־הא־ה־ה...

"קראסנא".

**נעכע האט גע׳טענה׳ט שטילערהייט צו דער מענדעליכע, אז זי גייט קאכן וועטשערע, יונגע באראבאלקעלעך מיט טייגלעך, און יענע האט געזאגט אז זי וועט קאכן גרינע ארבעסלעך, ס׳איז געזונט.**

**רוכצי׳ן האט זיך געדאכט, אז בורקע גייט איר נאך אין גרויען שטויב־מאנטעל, האט זי זיך נישט אומגעקוקט, טאמער איז עס א ליגען, נאר דער גאנג איז געווארן אומרוהיג. זי האט איבערגעקערט דאס שירעמ׳ל מיט׳ן הענטל אראפ און געווארפן מיט די טראלדן אזוי עזות׳דיג...**

**דער צוריקגעקומענער כוח האט איר געטרוישט אין די שפיץ־פינגער - אר־אה־ה־ה, אר־הא־ה־ה־...**

---

די און די פאלגנדע דערציילונג פון פראדל שטאָק זיינען איבערגעדרוקט פון איר בוך ״געזאמלטע ערציילונגען״ וואס איז ארויס אין פארלאג ״נייצייט״ ניו־יארק אין 1919.ביידע דערציילונגען זיינען כאראקטעריסטישע אפשפיגלונגען פון דעם סקאלער לעבנס־שטייגער פון פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה און זיינען אויטענטישעביישפילן פון דער יידישער שפראך ווי זי איז גערעדט געווארן און סקאלע.

---

## פראדל שטאק

# דער ערץ בישאף

אין סקאלע האט מען יא געוואוסט, אז עס קומט אראפ אן ערץ־בישאָף, נאר מען האט נישט געמאכט קיין גרויסן צימעס דערפון; ערשט אז מען האט דערזען ווי מען בויט טויערן פון סאסנע־בוימער ביים אריינפאר, ערשט דאמאלס האט מען אנגעהויבען צו שמועסן וועגן דעם אויפ׳ן שטראָס.

מאטקעלע געלער, וואס זיין ברודער איז א גאנצער מאכער אין בורגער־אמט, האט געגעבן צו פארשטיין: "הפנים זיי וויסן דען פון זייערע הענט און פיס? אן ערץ־בישאף מיינען זיי, איז עפיס א סמארק׳ילי! ביז מען דראפעט זיך ארויף אזוי הויך... אז קודם דארף מען אויסשטודירן אויף גלח, ווייל א גלח ווערט מען אויך נישט געבוירן, דערנאך גייט א קאנאניק, דערנאך אן אויבער קאנאניק, דערנאך גייען עפעס "עלטסטע" וואס ער האט איצט, ערשט נאר געוואוסט און שוין פארגעסן. ־ אה, שטשעזנע ־ און דערנאך ערשט א בישאף, און ערשט דערנאך, העט־העט נאכ׳ן בישאף גייט אן ערץ־בישאף..."

פארוואס ס׳קומט אראָפּ אן ערץ־בישאף קיין סקאלע, האט מען זיכער נישט געוואוסט. איינער האט געזאגט אז אן ערץ בישאף קומט אראפ אלע פופציג יאָר, און איינער האט געזאגט, אז ער קומט נאר ווען מען בויט א קלויסטער. העניך שדכן, וואס איז געשטאנען דערביי, האט א קוק געטאן אויפ׳ן אלטן קלויסטער, און זיך געטראכט, ס׳וואלט נישט געווען קיין קרומע זאך, די שטאט דארף טאקע האבן א נייעם קלויסטער. אין דער זייט האט ער אויסגעשפיגן, נאר ביי זיך האט ער געטראכט ־ אליי א ניי מלבוש, די שטאט וועט ווערן לייטישער, מער ציוויליזירט, ווייל ער, העניך האט געוואוסט וויפיל שדוכים עס זיינען אפגעגאנגען נאר דערפאר, ווייל סקאלע איז נישט קיין ציוויליזירטע שטאט.

הכלל, די סברה איז העניך׳ן מער געפעלן געווארן, האט ער אנגעהויבן איינצורעדן איטליכן, אז אזוי איז עס טאקי, און אנדערש קען עס גאר נישט זיין, און יידן האבן אנגעהויבן גלויבן, ווייל אז העניך וויל עמיצן איינרעדן, רעדט ער שוין איין.

רופט זיך אָן אלטער: ס׳טייטש, וואסזשע וועט זיין מיט׳ן שטאָט־זייגער, אויף וואס וועט די שטאָט קוקן?

דער אמת איז, אז אלטער האט גאר געוואלט פטור ווערן פונ׳ם שטאט־זייגער. זיין דירה איז געשטאנען לעבן פוילישן קלויסטער, און אלטער איז דאך געווען א פראצעדנטיק, און נישט געהאט וואס צו טאן, פלעגט ער א גאנצן טאג קוקן אויפ׳ן זייגער, איז אים נמאס געווארן דאס קוקן ווי דער טויט, ווייל אלטער׳ן האט זיך אויסגעדאכט, אז ווען נישט דער זייגער וואלט ער געקענט עסן איין מאלצייט נאכ׳ן אנדערן, נאר דער זייגער לאזט אים נישט. א שטייגער אז ער טרינקט אויס דאס טעפעלע טשאקאלאדע אין דער פריה, און דער זייגער איז ערשט אכט, דאכט זיך אים אויס, אז דאס וואס דער ווייזער דארף צוקומען ערשט צו צוועלף, דאס אינגאנצן איז שולדיג, וואס ער איז נישט הונגעריג, און קען נישט באלד אויפעסן דעם אנבייסן.

דערווייל האבן זיך א פאר מענטשן געזארגט, טאמיר נעמט מען אראפ דעם שטאט־זייגער, און זייערע זייגערס וואס גייען גלייך מיט׳ן שטאט־זייגער, וועלן נישט האבן מיט וואס צו גיין גלייך. און טאמער ווערן אלע זייגערס אין שטאט קאליע, ווי אזוי־זשע וועט מען וויסן? מען קען דאך אויסגיין אָן א זייגער.

רופט זיך אָן שלמה דער טויבער, א ס׳איז גאר א גליק, ס׳וועט ווערן אין שטאָט א שפע, מ׳וועט דאך עפעס "באווען" א נייעם קלויסטער. . .

- פון א קלויסטער שפע? ווי אזוי, ר׳ שלמה?

אברהם בעביק האט זיך מחיה געווען וואס ער האט שלמה׳ן געכאפט אין א גרייז.

האט דאך עפעס שלמה׳ן נישט געפאסט וואס מען כאפט אים אין א גרייז, און דערצו, נאך ווער? האט ער געענטפערט בייז:

- גאי טענה מיט איים, נו! - שלמה האט גערעדט "בראיט", ווייל ער איז נישט געווען קיין היגער, און צו העניך׳ן האט ער געקוקט און גערעדט, נאר מיינען האט ער געמיינט אברהם בעביק:

- פארוואס פארשטאיט ער דא נישט? גוישער קאפ! אז מען באוועט א קלויסטער דארף מען דאך עפיס אינזשינירען - בוימייסטערס, וויל איך זאגן, - און היינט ארביטארערס...די ארביטארערס וועט מען אראפברענגען פון אנדערע שטעט, גויים פון אלע עקן וועלט וועלן קומען אויף די יארידן...איצט פארשטאיט ער שוין, גוי׳שער קאפ? . . .

געמיינט האט ער אברהם בעביק, נאר געזאגט האט ער עס העניך שדכן, העניך האט פארשטאנען און געשוויגן.

הכלל מען האט אנגעהויבן צו האפן אויפ׳ן ערץ־בישאף ווי אויף משיח׳ן, להבדיל, און ברוך האט צוגעזאגט סלוק׳ען דעם נדן נאכן ערץ־בישאף, און אז העניך האט געדארפט געבן שכר־לימוד, האט ער זיך אבגעבעטן ביי שלמה דעם טויבן ביז נאך׳ן ערץ־בישאף, גאט זאל שענקען דאס לעבן, רבונו של עולם.

שפעטערצו איז געווארן א קלאנג, אז דער רב וועט אקעגן גיין דעם ערץ־בישאף מיט א ספר תורה. זיינען א פאר יידן נייגעריג באפאלן דעם שמש,

שלמה פרץ'ן, אויפ'ן שטראס, צי ס'איז אמת, ־ האט שלמה פרץ א פינטל געטאן מיט'ן בלינדן אויגעל, דאס בלינדע אויגעל,וואס ער דערזעט א קאליע מטבע גיכער ווי א זעענדיגס, און א פאנפע געטאן:

־ פון וואנען זאל איך וויסן?

־ אויבן אויפ'ן שטראס מאכט מען אויך א טויער, און דער אפטייק אויך, דבורה שטייט דארט.

דאס האט אפגעגעבן ראפארט גאדעל דעם טאַטן, אַלטער'ן.

־ ס'טוט עפעס דבורה ביי דער אפטייק, וואס? רוף זי אהיים עסן אנבייסן.

גאָדיע האט דערציילט אז זי שטייט דארט מיט שיינדלען און קוקט ווי מען מאכט דעם טויער.

אז מיט שיינדלען, איז גוט. שיינדל איז א לייטיש קינד ־ איז ער אהיים געגאנגען. — — — —

דבורה איז איצט שוין געשטאנען אן שיינדלען, און געקוקט ווי מען מאכט דעם טויער. טאקי, זי האט אפילו נישט געטראכט פון לוּצוק'ן . . . אי וואס לוצוק איז אליין ארויסגעקומען, איז ער ארויסגעקומען, ־ וואס איז זי שולדיג? וואס איז זי שולדיג אז מען מאכט דעם טויער ביי דער אפטייק? און טאמער האט ער איר געזאגט "גוט מארגן" און געצויגן פאר איר דעם הוט, זאל זי אים נישט ענטפערן?

־ א שאד, אזוי פיל יונגע סאסנע־בוימלאך צובראכען ־ אזוי האט ער געזאגט, לוצוק.

"יא, א שאָד".

האט זי נישט געזאלט ענטפערן?

אז לוצוק האט געקוקט אויף איר, האט זי אוועקגעקוקט.

זי איז נאך דערנאך געשטאנען א מינוט און אנטלאפן. דער גאנצער מארק, האט זיך איר אוסגעדאכט, זעט ־ זי ברענט נאך'ן שייגעץ. . .

דערנאך האט זי א צי געטאן אראפ, צו די וויינהייזער...

ביי דִי וויינהייזער האט זי געציילט די בוימלאך, איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף . . . "אזוי פיל יונגע סאסנע־בוימלאך צעבראכען".

א שייגעץ איז געגאנגען צוריק אהיים און דארף אריין אין א נייעם שטרויענעם קאפעליוש מיט א פאווע־פעדער איינגעשטעקט, און געשפילט אויף א דרומבע, "העי טאם פיד האראיו", און דאס גרין־בלויע אויג פון דער פעדער האט נאכגעזונגען.

האט זי דערפילט א פרעמדקייט צווישן די בוימער מיט דעם שייגעץ וואס גייט אליין אהיים אין דארף אריין, און האט נישט קיין מורא. עס האט זי א רוף געטאן צוריק דער מארק, די געוועלבן, פון וואנען עס שמעקן ארויס די יידישע סחורות. — — — — — — — — — — —

די טעג זיינען געגאנגען און די וואכען זיינען געגאנגען און דבורה האט אירע טעג און נעכט אפגעלעבט מיט די ווערטער: "אזוי פיל יונגע סאסנע־בוימלאך צעבראכן"...

זי האט זיך געפילט זינדיג וואס זי טראכט פון א שייגעץ, האט זי דערפאר מיט דער דערשלאגענקייט געהאלפן דער מאמע'ן אין שטוב פארצירעווען א זאק, די מאמע האט נישט פארשטאנען, נאר זי האט שוין נישט געלאזט גאָדלען טאן דבורה'ן צולהכעיס.

אלטער איז, ווי ביז אהער, געשטאנען ביים פענסטער און געקוקט אויפ'ן שטאט־זייגער, וואס ער וויל פון זיין לעבן האבן, אז א שטייגער עלף דער זייגער און נאך נישטא דאס געבראטענעס, און צוועלף איז שוין יא דא ־ האט ער טאקע גע'טענה'ט, אז הלואי דערלעבט מען שוין, אז גאט זאל שוין עפיס העלפן ־ און צי קען היינט נישט ווערן פארטיג אביסל פריער.

האט ברײנע אים אפגעענטפערט, אז אלדינגס איז גוט מיט א פאַרע, אז נישט...

נאר אלטער האט שוין געוואוסט וואס זי מיינט, האט ער איר איבערגעשלאגן:

־ ס'זעט זיך נישט אן אויף איר די פאַרע, דאס שמאלץ גיסט זיך איר נישט פונ'ם גוידער, און ווי די מתים עסן, אזא פנים האבן זיי, זי הערט צי ניין? ־

אודאי האט זי געהערט, און טאקי געענטפערט, אז הלואי לייגט ער אזוי דעם קאפ צו בילכערע זאכען, אט איז דא אין שטוב א קינד צו לייט...אָי וועה איז איר וויסטע, פינסטערע וועלט...

אויף דעם האט שוין אלטער נישט געהאט קיין לשון, נאר אינגאנצן הינטערשטעליג האט ער נישט געוואלט בלייבן, האט ער זיך אנגערופן:

־ וואס זשע זאל איך איר טאן, אז מאיר זיסי'ן וויל זי נישט...דו מויד, פארוואס ווילסטו נישט מאיר זיסי'ן, פארוואס, הא, מויד, צו וועמען רעדט מען, צו וועמען?

דבורה איז שוין געוואוינט געווען דערצו; זי איז שוין געוואוינט געווען, אז וואו זי גייט, און וואו זי שטייט זאל מען דערמאנען מאיר זיסי'ן, מאיר זיסי איז א וואוילער, מאיר זיסי איז א פיינער, מאיר זיסי מיט'ן קנאָפ אין גארגעל, און מיט די אויסגעביילטע פלייצעס...

זי איז שוין געוואוינט געווען צו דער מאמע'ס שאקלען מיט'ן קאפ:

־ טאקי נישט? זי וויל טאקי נישט? וואס דען, זי האט זיך מיט וואס איבערצונעמען, א מיידעל איז א טייערע זאך...מאיר זיסי האט אודאי א דאגה, א בחור האט א דאגה, וואדען? אזא גלייכע זאך, וואס גלייכער קען שוין נישט זיין... דא גלייך נדן, דארט גלייך נדן, דא איבער הונדערט און צוואנציג יאר א גלייכע ירושה, דארט איבער הונדערט און צוואנציג יאר א גלייכע ירושה...אייגענע געשוועסטערקינדער...וואס קען שוין זיין גלייכער?

נאר דבורה איז שוין געוואוינט געווען.

ס'איז געווארן שניט, דאס אפגעשניטענע ווייץ און קארן איז געלעגן אין "סטויגען" אויף די פעלדער, און מענטשן פלעגן זיך גיין באדן דורך די פעלדער מיט אנגעשניטענע היי, און דאס באדן אין די זומערדיגע פארנאכטן האט געמאכט דבורה'ן אפגעברענט, לוצוק'ס ווערטער זיינען איר נאכגעגאנגען אומעטום, איבער די סטעזשקעס, איבער די סטויגען ווייץ און קארן, העט־העט ביז צו דער מיהל, און

זי האט זיך געשעמט אויסצוטאָן ־ פאַר די ווערטער . . . פון הינטען זיינען זיי איר נאכגעגאנגען, די פלייצעס געברענט, דעם גאנג נאכגעקלאפּט, ווי איז ער, דבורה׳ס גאנג, שיין, גראציעז? אין די אויגן אריינגעקוקט, פון אלע שפּיגלען, שיינע אויגן, דבורה? צופלעכט דעם צאָפּ, לאנגע האר, דבורה? . . . ניין, קורצע, נישט שיין קיין קורצע צעפּלעך, דבורה, שמיר מיט זעלבעלאך, וואָס אין געלע טשאַטשקעס, וועסטו קריגן לאנגע צעפּ ביז, ביז ביז . . . און זינגען קענסטו, דבורה? זינג, שטילער, שטילער, קוויטשע נישט, ס׳פּאסט נישט פאר א יידיש קינד . . . א זיפץ נאר, שטילערהייט, שאַ, ווייס ביי דיר . . .

־ אזוי פיל יונגע סאסנע בוימלאך צעבראכען. . .

דער שייגעץ איז געגאנגען איינער אליין אין דארף אריין, אהיים, און אזוי שיין געשפּילט אויף דער דרומבע: "העי, טאם פיד האראיו" . . .

שמד׳ן זיך און שטארבען— — — — — — — — — —

* * *

אויף דער אנדערער וואָך, דינסטאג אין דער פרי, האט משה יונה געפּויקט, אז מען זאל פארמאכן די געוועלבן. ביי וועמען מען וועט טרעפן דאס געוועלב אָפן, דער וועט באצאלן א פינפערל שטראף, האט מען שוין געוואוסט אז היינט קומט ער.

אלטער האט נאך אין דער פרי אנגעשריגן אויף גאָדיע׳ן ער זאל זיך נישט דערוועגן גיין קוקן, ווייל מען שמועסט אז ס׳וועט זיין מיליטער, וועט מען אים צוטרעטן. שפּעטער, ווען ס׳איז שוין געוואָרן דער גרויסער רעש, האט ער אים ווידער געטראָפן, און אויף אים אנגעשריגן:

־ אהיים גיי, א ייד טאר נישט קוקן, איך גיי אין בית המדרש.

נאר שפּעטער האבן זיי זיך ווידער געטראָפן ביידע דארט, וואו א ייד טאר נישט קוקן.

דער מארק איז געווען אנגעפּאקט מיט מענטשן. נו, איצט האבן שוין טאקי אלע דערזען, אז ס׳איז נישט קיין פּראָסטע זאך. יאַוגאַן, דער שול דירעקטאר, איז היינט נישט געגאנגען שכור׳ן צו משה׳לע פארך אין שענק אריין אויף א גאנצן טאג, נאר גאנץ פרי, ווען דער האן האט געקרייעט האט ער זיך אריינגעכאַפּט טאקי נישט מער ווי אויף איין גלעזל.

די גוים אלע, וואָס זיינען זיך צונויפגעקומען פון די ארומיגע דערפער, זיינען געווען אנגעטאָן זונטאגדיג, און מען האט געקענט אויף זיי אנזען, אז זיי זיינען ביי זיך גרויס דערפאר, ווייל מען טוט אן זייער שטאָט אזא האָנאָר.

דבורה איז געשטאנען לעבן האנצעל׳ס געוועלב און געקוקט אויפ׳ן רינג מענטשן וואס די פאליציייניקעס האבען אויסגעשטעלט. פּראָקאָוויטש איז געריטן אויף א פערד, די מורא׳דיגע פאליצייסקי וואָנצעס צופלויגען, אין לאַץ איינגעשטעקט א צווייגעל סאָסנע, און געקאמאנדעוועט און משה יונה שכור, מיט דער פּויק אויפגעהאנגען, האט זיך אים נאכגעשלעפּט און געשריגן:

־ נאזאד, נאזאד!

דבורה אז זי האט דערזען דאס געזעמל פון די פרעמדע מענטשן גוים, אויף איר ייִדישן מארק, איז איר געווען פונקט ווי איינעם, ווען עס קומען צו׳ן אים פרעמדע געסט, וואס מאכען אן אן איבערקערעניש, געסט וואס ברענגען עפעס מיט פרעמדס מיט זיך, און לאזן עס שוין איבער אויף א שטיק צייט אין שטוב.

זי האט שוין ארויסגעקוקט אז זיי זאלן זיך צוגיין אין זייערע נארעס אריין, אין זייערע דארף־שטיבלעך, אויף די פעלדער, דא איז נישט זייערס. . .

וואס מען האט געמאכט דעם רינג האט קיינער נישט געוואוסט, איין לך האט זיך יאקבי געשוואוירן, אז דעם רינג האט מען געמאכט דערפאר, אז די חזרים זאלן נישט קענען דורך.

ס׳איז שוין געווען שפעטלעך און יאוגאן דער שול דירעקטאר איז נאך אלץ ארומגעלאפן פארשוויצט.

אלע האבן איצט געקוקט אויף די גלחים, פעטע און מאגערע, הויכע און קורצע, וואס אויף יעדן זעט זיך ארויס וואס פאר א סארט מת׳לאך ער האט, פעטע צי מאגערע.

נאר אמשטארקסטן האט זיך גע׳רעש׳ט דער קסיאנדס־קאנאָניק וואס ער איז טאקי דער היגער גלח אליין, און וואס ער האט א פנים ווי אן אייניערינגע טעליצע און וואס זיין אייגענע קעכין זאגט אויף אים, אז ער איז אן ערליכער גלח.

פלוצים איז געווארן א רירעניש, א שטופעניש, מענטשן האבן זיך געשטעלט קאפ אויף קאפ.

עמיצער האט צעוויסען געטאן אז מען גייט.

ווער גייט? דער ערץ־בישאף, הפנים גייט, ניין, דער רב גייט, דעם ערץ־בישאף גייט מען אנטקעגן אט־אט...לאזט נאר, שטופט אייך נישט אזוי, רב ייִד, כ׳וויל זאגן רב אלטער...

- ווער איז, ווער איז, רב מאטיע, איר זעט אים? דעם ערץ־בישאף, דעם רב, מיין איך. . .

- אה, אה, זאגט כאָטש להבדיל...טפו שטשעזנע, אן אקס האט א לאנגע צונג און קען קיין שופר נישט בלאזן. . .

- וואס איז דאס אייער טאטן׳ס עסק?

- שא, ט׳האסטו א, יידן האבן זיך אויסגעזוכט א צייט ווען צו קריגן . . . שא, שטיל זאל זיין, מ׳זינגט . . . ווער זינגט, וואס זינגט . . . טויב זיינט איר, צי וואס? . . דער שמש זינגט . . . אט גייט דער רב דארטן מיט א מנין יידן מיט א ספר תורה גייט ער, רב איציק׳ל, און רב וועלוועל האלטען אים הינטער דעם ארים . . . דער שמש זינגט . . . שלמה פרץ מיט׳ן בלינדן אויגל? . . . וואס זינגט דער שמש? דאס קאיזער ליד זינגט ער, דאס קאיזער ליד. . .

- רב אלטער, אנו, לאזט מיך טאן איין קוק...

רב אלטער איז נישט אָפגעטראָטען פונ׳ם קאסטן. ער איז געשטאנען, און כאטש ער האט דערקענט שלמה דעם טויבען׳ס קול, האט ער זיך נישט וויסנדיג געמאכט און געענטפערט אינמיסטן פאר׳רעש׳ט, פארטארעט:

- וואס איז דא פאראן וואס צו זען, וואס, אן ערץ־בישאף? נאך נישט געזען אן ערץ־בישאף? נאר שפעטער א מינוט איז אלטער אליין אזוי שטארק

נשתומם געווארן, אז ער האט פארט אפגעטראטן שלמה׳ן א שטיקעל קאסטן:

- שטעלט אייך דא, פאוואָלי, טרעט מיר נישט אפ דעם פוס . . . אר־או, אר־ווא, אָט גייט דער רב . . .

דבורה איז צוגעלאפען:

- טאטע, נעם מיך ארויף.

האט מען איר געמאכט פלאץ און דבורה האט געזען.

דער רב מיט דער שיינער בארד איז געגאנגען אונטער א חופה, אונטערגעפירט פון צוויי שיינע בעל־הבתים, און האט געטראגן א ספר תורה, פיר יונגע לייטלאך אין זיידענע קאפאטעס, האבן געטראגן די פיר דרענגלאך פון דער חופה איבער׳ן ספר.

אנטקעגן איז געשטאנען דער ערץ־בישאף, אן אלטער גרויער גלח, אנגעטאן עפעס אין א קאנטיגן ספאדיק, און לעבן אים זיינען געגאנגען גלחים מיט צלמים אין די הענט, אין שפיצען־מאנטלען, טייערע געשטיקטע מיט זילבער. און צוויי אין מאדנע קאנטיגע ספאדיקעס און ווייסע טענדע־ווערענדעס, האבן געטראגען דאס יוזל.

אז דער רב איז צוגעקומען נאענט צום ערץ־בישאף, האבן זיךביידע צדדים אפגעשטעלט.

די תורה אנטקעגן יוזל.

ס׳איז געווארן שטיל אין מארק, אז מען האט געקענט הערן א פליג דורכפליען, אלע מענטשן וואָס זיינען דא געווען אזוי פיל, וויפיל זאמד אין ערד, זיינען מיט אמאל אנטשוויגן געווארן.

שא.

דער ערץ־בישאף האט אנגעבויגן דעם קאפ פאר דער תורה— —

- אי, יידן, איך האלט עס נישט אויס...ס׳איז משיח׳ס צייטן...

- האסט געזען, דו, ער האט זיך פ א ר נ י י ג ט...

- אוודאי, וואס דען, די תורה איז עלטער, מ י ר ז י י נ ע ן ע ל ט ע ר...

דבורה איז געשטאנען ווי אין א חלום.

זיי וועלן גיין אויף אן אייזערנער בריק, וועלען זיי יא אריינפאלן, און מיר וועלן גיין אויף פאוויטינע, וועלען מיר נישט אריינפאלן...

זי האט נאכגעקוקט דעם אלטן איינגעבויגענעם רב, ווי ער האלט דאס ספר, דאס ספר אין אלטן סאמעטענעם מענטעלע מיט גאלד אויסגעשטיקט, און דער סאמעט, און דאס גאלד זיינען אלט, אפגעבליאקעוועט, נאר מיוחס׳דיג, לייטיש, ווי אן אלטע נגידות מיט׳ן זיידענעם טיכעל, וואס דאס איידעלקייט און דער יחוס ליגט איר אין די קנייטשן פון דעם פנים, ליגט איר אין שטויב פון די סאַמעטענע פאלדן. . .

- מויד, פאר וואס ווילסטו נישט מאיר זיסע׳ן, פאר וואס?— —

אין שטאט האט זיך עס צוטראגן ווי א גוטע בשורה: ער האט זיך פארנייגט, ע ר האט זיך פארנייגט - און אז זי איז געלאפן אהיים, זיינען איר די ווערטער נאכגעלאפן:

- וואס דען, די תורה איז עלטער, מ י ר ז י י נ ע ן ע ל ט ע ר...

# חנא גאטעספעלד



#ביים פּאָסט־אמט אין סקאלע *

דעם ערשטן טאג, וואס איך האב פארבראכט אין מיין שטעטל האב איך געברענט פון נייגעריגקייט צו גיין צו דער פּאָסט אין דער צייט ווען דער בריוו־טרעגער גייט ארויס פון דארט מיט בריוו.

דאס בילד פון אמאל ווי אזוי יידן פלעגן שטעהן ביי דער פּאָסט און ווארטן אויפ׳ן בריוו־טרעגער איז קיינמאל ניט ארויס פון מיין זכרון. איך זע עס ווי עס וואלט איצט פארגעקומען.

מען פלעגט אהין קומען נאך מיט א שטונדע פריער איידער דער בריוו־טרעגער איז ארויסגעקומען, כדי מען זאל האבן צייט צו שמועסן.

ווער פלעגט דען אהין ניט קומען? אייל פאבריקאנטן, אייגנטימער פון שניט־קראמען, סוחרים, איידימס אויף קעסט , וואס האבן געהאט אסאך צייט און זיינען געווען זיכער אז זיי וועלן ניט צוריקגיין מיט לעדיגן, ווייל זיי זיינען געווען אבאנענטן פון א טעגליכער דייטשער צייטונג, די ״ווינער נייע פרייע פרעסע״, אדער ״דאס ווינער טאגעבלאט״; בחורים, ציוניסטן, וואס האבן ערווארט ציוניסטישע בלעטער אדער העברעאישע ספרים׳לעך, און סאציאליסטן, וועלכע האבן ערווארט א סאציאליסטישע צייטונג.

אפילו איך, וואס בין נאך געווען גאר א יונגער בחור, האב שוין אויך געקראגן פאסט. איך פלעג באשטעלן קאטאלאגן פון ביכער און פראבע־נומערן פון צייטונגען (צייטונגען, דייטשע און העברעאישע, פלעגן שיקן אומזיסט איין נומער אלץ פראבע).

אבער ניט בלויז כדי אפצונעמען צייטונגען אדער בריוו איז מען אהין געקומען. דארטן איז געווען דער צוזאמענקונפט פון אלע ריכטונגען און פארטייען פון שטעטל.

פאר די סוחרים איז דארט געווען א מין בערזע און פאר די ציוניסטישע בחורים, משכילים און איידעמס אויף קעסט איז דאס געווען א קאמף־פלאץ, וואו מען האט געקעמפט פאר מיינונגען.

* א קאפיטל פון דעם מחבר׳ס בוך ״מיין רייזע איבער גאליציע״, ניו־יארק 1937.

די געגנער פון די ציוניסטן האבן געהאט איינעם, אן אידים אויף קעסט, וואס פלעגט געגן די ציוניסטישע בחורים קעמפן מיט וויצן. ער האט געקענט זאגן וויצן. ער פלעגט, למשל, א זאג טאן א וויץ וועגן דעם, וואס מען זינגט "עוד לא אבדה", פלעגט עס ארויסרופן א שטארקן געלעכטער, און די בחורים פלעגן א ווײַלע בלייבן אן לשון. זיי האבן ניט געהאט קיין איינעם, וואס זאל קענען צוריק ענטפערן מיט א וויץ אויפ'ן פלאץ. זיי פלעגן דאס צווייטע מאל דערפאר שוין קומען בעסער באוואפנט געגן יענעם געגנער. זיי פלעגן מיט זיך ברענגען איינעם א בחור, דער זון פון א שוחט, וואס האט געשריבן קארעספאנדענציעס און ארטיקלען אין העברעאישע צייטונגען. קיין וויצלער, ווי יענער משכיל, איז ער ניט געווען, אבער ער איז געווען שנעל און שארף. איידער יענער איז ארויסגעקומען מיט א וויץ, איז ער אים מיט א ווערטל אריינגעפארן אין דער זיבעטער ריפ. יענער האט געהאט א שוואכקייט. ער האט זיך שנעל באליידיגט און איז דאן געווארן ערנסט, און רעדן ערנסט האט דעם שוחט'ס בחור בעסער געקענט.

וועגן סאציאליזם האט מען נאך דאמאלסט זיך ניט געקריגט. עס זיינען געווען עטליכע סאציאליסטן, אבער זיי אליין האבן נאך ניט געוואוסט ריכטיג וואס דאס איז. זיי האבן געוואלט קריגן א סאציאליסטישן רעדנער, וואס זאל דאס ריכטיג ערקלערן. די ציוניסטן האבן זיי פארשפראכן זייער זאל פאר'ן רעדנער. אין אנדערע שטעט האבן ציוניסטן און סאציאליסטן זיך שוין דאמאלסט גאפאטשט וועגן זייערע מיינונגס־פארשידנהייטן. אבער דא איז צווישן זיי געווען שלום ושלוה. די ציוניסטן זיינען אליין געווען זייער נייגעריג צו הערן א סאציאליסטישן רעדנער. אבער אין מיין צייט איז דאס געווען שווער דורכצופירן. מען האט אים געדארפט ברענגען פון לעמבערג און שיקן אויף הוצאות, און די עטליכע סאציאליסטישע אנהענגער האבן דאס ניט געקאנט דורכפירן.

צוויי מאל א טאג, אינדערפרי און בייטאג, פלעגן אזעלכע פארטיי־פארזאמלונגען פארקומען ביי דער פאסט ביז דער בריוו־טרעגער איז ארויסגעקומען און איבערגעשלאגן די דעבאטן.

דער בריוו־טרעגער, אפט א יידישער און אמאל אויך א פוילישער, איז געווען זייער באפריינדעט מיט אלעמען. ער פלעגט ארויסקומען מיט א פאק בריוו, וואס איז אים געווען שווער צו טראגן. ער איז געווען זייער דאנקבאר, וואס ביי דער פאסט האט מען שוין ביי אים א העלפט בריוו אוועקגענומען. ער פלעגט זיי לאזן די בריוו אליין איבערקוקן, מאנכע פלעגן ביי אים אפילו איברלאזן די פרעמדע פאסט־קארטלאך.

איך האב דאס אלץ גוט געדענקט און דערפאר האט מיך אזוי געצויגן צו גיין איצט צו דער פאסט צו זען וואס קומט איצט דארט פאר.

מיר איז דעם ערשטן פרימארגן ניט געלונגען צו גיין צו דער פאסט, ווייל פילע פריינד זיינען געקומען צו מיר און מיך אפגעהאלטן. בייטאג אבער האב איך, ווי מיט געוואלד, זיך אוועקגעריסן פון אלעמען און אוועק צו דער פאסט.

איך בין געגאנגען אין באגלייטונג פון מיין קאזין קלמן און נאך א פאר פריינד. איך האב זיי ניט געזאגט פארוואס איך רייס זיך אזוי אהין. זיי האבן געמיינט, אז איך וויל זען די געביידע פון פאסט־אמט און מיר געזאגט אז ס'איז ניטא וואס צו זען.

איך בין ענדליך ביי דער פאסט. די געביידע אינטערעסירט מיך ניט. ס'איז כמעט ענליך ווי אמאל, נאר מיר דוכט זיך, אז איצט איז עס קלענער (אלע הייזער זעען ביי מיר איצט אויס קלענער ווי אמאל). איך זע ניט א מענטשן שטעהן.

איך קוק אין אלע זייטן.

— וואס קוקסטו? — פרעגט מען מיך.

— איך זוך די מענטשן, וואס קומען אפנעמען די בריוו, — זאג איך.

אלע קוקן מיך אן פארוואונדערט.

— צו וואס דארף מען לויפן אהער אפנעמען בריוו? — פרעגט מען מיך.

— פארוואס ניט? — פרעג איך.

— עס איז נאך פרי, — זאגט מיר איינער. — דער בריוו טרעגער וועט ערשט ארויסקומען אין א פופצן מינוט ארום.

איינער פרעגט מיך, צי איך וויל אריינגיין אין פאסט־אמט זען ווי ס'זעט אויס.

— ניין, — ענטפער איך אים. — איך וויל שטעהן אין דרויסן. איך וויל זען ווי עס זעט אויס, ווען דער בריוו־טרעגער גייט ארויס.

— איך פארזיכער דיר, אז עס איז ניטא וואס צו זען, — זאגט מיר מיין פריינד.

איך פיל ביי מיר אבער, אז ער איז ניט גערעכט. פאר מיר איז יא דא וואס צו זען.

עטליכע יידן זיינען אנגעקומען. אלע גייען אנגעטאן אין אלטע קליידער. זיי שטעלן זיך פאר מיר פאר. ווען איך ווער געוואויר ווער זיי זיינען ווערט מיר דאס הארץ צוריסן.

איין ייד, מיט א גרויער בארד, לויפט. ער לויפט גלייך צו מיר.

— מען האט מיר געזאגט, אז דו ביסט געגאנגען צו דער פאסט, בין איך געלאפן אהער, — זאגט ער מיר.

איך קוק אויף אים און זיין גרויער בארד. איך הויב ניט אן צו וויסן ווער ער איז.

— דאס בין איך, נחמן־משה, — זאגט ער.

איך דערמאן זיך באלד. דאס איז ער, וואס האט אמאל געקראגן א פאטש ביי דער פאסט פאר באליידיגן א יידן, וואס איז געווען געגן די ציוניסטן.

— איך געדענק אייך גאנץ גוט, — זאג איך צו אים. — איך געדענק אפילו, ווי איר האט געכאפט א פאטש ביי דער פאסט.

— אבער וואס זאגסטו מיר איר? — פרעגט ער.

— ווי אזוי קאן מען זאגן "דו" צו א גרויער בארד? — פרעג איך.

— ווען דו וואלסט געווען ביז איצט דא אין שטעטל, וואלסטו אויך געהאט א גרויע בארד, — זאגט ער מיר.

—און ווי איז עפעס וועגען פעטש? מען כאפט נאך היינט אויך פעטש ביי דער פאסט? — פרעג איך.

— ניטא מער יענע צייטן, — זאגט ער, — און ניטא מער ווער עס

זאל געבן פעטש, און ס'איז ניטא פאר וואס. מיר זיינען אלע ציוניסטן, אז מיר וואלטן אלע ביי דער ערשטער מעגליכקייט אהין אוועקגעפארן.

— און וואס איז וועגן די פאגראמען פון די אראבער?

ער האט זיך צולאכט.

וואס לאכסטו?

— א גאליציאנער ייד האט מורא פאר פאגראמען? — האט ער געפרעגט. — פארקערט, אויב אראבער מאכן פאגראמען, דארפן מיר ערשט פארן אהין זיך שלאגן מיט זיי.

בשעת איך האב זיך וועגן דעם פארטראכט, איז דער בריוו־טרעגער ארויסגעקומען.

ער האט מיט זיך געהאט א פעקל פון עטליכע בריוו. ער האט זיך ניט אפגעשטעלט, נאר איז מיט די בריוו אנטלאפן. די יידן זיינען אים נאכגעלאפן.

איך בין געבליבן שטיין און געקוקט אויף דעם בילד. ערשטנס, וויפיל בריוו, מ'שטיינס געזאגט, דער בריוו־טרעגער האט פאר דעם גאנצן שטעטל: צווייטנס, דאס גדלות פון דעם פוילישן בריוו־טרעגער. עס שטייט אים ניט אן זיך אפצושטעלן און זאגן די פאר יידן, צי ער האט פאר זיי א בריוו, צי ניט.

אז א בריוו־טרעגער וואלט אין מיינע צייטן דא אנטלאפן מיט די בריוו, וואלט מען אים צוריסן. ער וואלט עס ניט געוואגט.

די יידן זיינען צוריקגעקומען פון בריוו־טרעגער פארסאפעטע און אן בריוו.

— איך בין אומזיסט געלאפן, — זאגט איינער, — איך האב ערוואַרט א בריוו פון מיינעם א קרוב אין אמעריקע. אז מען שרייבט ניט, קומט ניט אן.

— איך האב געוואוסט, אז איך וועל גארניט קריגן — זאגט מיר א צווייטער. — מיר שרייבן שוין ניט מיינע קרובים פון אמעריקע זייט יארן, אינגאנצן פארגעסן אן מיר. פונדעסטוועגן גיי איך אהער יעדן טאג צו דער פאסט. אפשר האט זיך איינער דערמאנט אן מיר, אפשר. אז איך האב ניט קיין אנדער האפנונג.

— און איך זאג אייך, — רופט זיך אן א דריטער, אז ווען זיי וואלטן דארטן געוואוסט, ווי וויכטיג עס איז זייערער א בריוו פאר אונז, וואלטן זיי אונז אפט געשריבן. זיי ווייסן ניט.

— וואס וואלט איר געהאט פון א בריוו? — זאג איך — ווען זיי שיקן געלט פארשטעה איך. אבער וואס איז א בריוו?

א בריוו איז אויך גוט, — זאגט מיין פריינד, וואס האט געכאפט אמאל א פאטש ביי דער פאסט.

— וואס איז דאס גוט אן געלט? — פרעג איך.

— מען קריגט דערפאר קרעדיט, — זאגט מיין פריינד. — איך האב אמאל דורך א בריוו פון א קרוב געקראגן געלט אויף צו האנדלען און וואס ניט.

— אז זיי ווייסן דארט ניט, וואס א בריוו פון אמעריקע מיינט, — ערקלערט מיר איינער.









שלושה ותיקים מחכים למכתבים מחו"ל ע"י משרד הדואר בסקאלה (1930). מימין לשמאל נראים: גדליה טבּצ'ניק, ישראל פיירשטיין ומושקה גוטספלד.

*Three senior citizens waiting for mail at the Skala Post Office (1930). Clockwise are seen: Gedalie Tabachnik, Srul Feuerstein (Yosis) and Moshke Gottesfeld.*

איך בין אזוי געגאנגען מיט די יידן פון דער פאסט, און יעדער איינער האט מיר אגיטירט אויף א באזונדערן אופן, אז ווען איך וועל צוריקקומען קיין אמעריקע, זאל איך זיי דארט ערקלערן, וואס עס מיינט א בריוו פון זיי.

אונזער געשפרעך איז איבערגעשלאגן געווארן פון א פרוי, וואס איז מיר אקעגן געקומען, אנגעטאן אין שמאטעס. זי האט זיך פארגעשטעלט. איר מאן איז אין אמעריקע. זי הערט פון אים ניט זייט די לעצטע עטליכע יאר. זי האט דריי קינדער. זיי האבן אלע ניט וואס צו עסן. זיי פרירן פון קעלט. זי בעט, איך זאל זען איר מאן און ווירקן אויף אים, ער זאל אויף איר רחמנות האבן. זי וויינט יאמערליך. זי פרעגט מיך, פארוואס איז איר מאן אזוי הארצלאז. ווי אזוי קאן א פאטער פארגעסן זיינע קינדער?

איך פארשרייב זיך אין ביכעלע איר נאמען כדי זי צו בארוהיגן, כאטש איך ווייס, אז איך קאן גארניט טאן. איך קאן איר מאן. ער איז ניט ביים זינען. ער איז אין א משוגעים־הויז.

איידער די פרוי איז אוועק, איז א צווייטע פרוי אנגעקומען, אויך אנגעטאן אין שמאטעס, און שרעקליך געוויינט. זי האט א זון אין אמעריקע, און ער שרייבט איר אפילו ניט קיין בריוו.

— איך האב זיך געצויגן דעם מארך, כדי אים אויפצוציען. איך האב זיך געליען און געבארגט, זיך פאר'משכונ'ט, כדי אים צו שיקן קיין אמעריקע, ער זאל ווערן א לייט, און ער שרייבט מיר אפילו ניט. פארוואס איז ער אזוי? מיט וואס האב איך אזוי געזינדיגט, אז מיין קינד, מיין בלוט און פלייש זאל אן מיר פארגעסן? וואס וואלט אים געארט, ווען ער שרייבט מיר א בריוו? זאל ער מיר ניט שיקן קיין געלט. איך בין אים מוחל. איך בין שוין געוואוינט צו הונגערן. אבער זאל ער מיר כאטש שרייבן, איך זאל זיך ניט שעמען פאר מענטשן, וואס איך האב א זון, וואס שרייבט מיר ניט.

## חיים ברעטלער

# סקאלער געשטאַלטן פון אמאל

וי באַקאַנט האָט יעדע עיר ואם בישראל געהאַט אירע ספּעציפישע טיפּן און געשטאַלטן, ערנסטע און קאָמישע, וואָס מעשיות וועגן זיי זענען איבערגעגאַנגען פון דור צו דור. אַ ספּעציעלע הנאה פלעגן האָבן דערפון נאָר מענטשן פון דער געגעבענער שטאָט. איך וועל דאָ פּרוּוון פאַרצושטעלן אַ סעריע טיפּן פון כמעט אַלע שיכטן יידן, פון ווייטן און נאָענטן אַמאָל, ווען סקאַלע האָט פולסירט מיט לעבן און האָט געהאַט אַ פּנים שוחקות.

איך וויל האָפן, אַז ביים לייענען די שורות וועלן זיך דערוועקן דערינערונגען פון דער יוגנט און אַ פאַרגעסענע בענקעניש נאָך דעם געבוירן־אָרט. עס וועט אויך דעם לייענער אַרויספירן פון דעם עמק הבכא ־ פון דער חרובער שטאָט מיט פאַרשניטענע יידן, צו דער סקאַלע פון אַמאָל.

### ברוך לייב דער וויזשניצער "פּאַטריאָט"

די פאָלגנדיקע מעשה, איז נישט סתם אַ מעשה, נאָר אַ פאַקט, וואָס איז באַקאַנט געווען אין אַלע קרייזן פון וויזשניצער חסידים אויסער סקאַלע.

ברוך לייב, אַ ייד אַ בטלן, אָבער אַ הייסער וויזשניצער חסיד, דערפילנדיק זיך עפּעס נישט מיט אַלעמען, איז אַוועק קיין וויזן זיך קורירן. רעכענענדיק לענגער צו פאַרבלייבן אין ווין, האָט ער ביים איינפּאַקן נישט פאַרגעסן מיטצונעמען אַלץ, וואָס אַ ייד דאַרף, ווען ער לאָזט זיך אין וועג אַריין. טלית און תפילין, אַ חוק, דאָס שטריימל, די זיידענע קאַפּאָטע און . . . אַ היפּשן זאַפּאַס „אשר יצר" פּאַפּיר. אָפּזייענדיק דאָרט אַ שטיקל צייט, האָט ברוך לייב דערזען, אַז דאָס אשר־יצר פּאַפּיר איז אים אויסגעגאַנגען. נישט טראַכטנדיק לאַנג, איז ער אַריין אין אַ פּאַפּיר געשעפט. דער "יעקע", כאָטש אַ יידישער, נישט פאַרשטייענדיק מער ווי דאָס וואָרט פּאַפּיר, לייגט אים אַוועק פּאַפּיר מכל המינים, שרייב פּאַפּיר, פּאַק־פּאַפּיר, בלומען פּאַפּיר, וואַנט־פּאַפּיר. ברוך לייב איז נישט

צופרידן און שאקלט מיטן קאפ אין דער ברייט. דער "יעקע" קוקט אויף דעם "אסט־ידע" און קאן זיך קיין עצה נישט געבן. דאן פרעגט ער ברוך לייבן פון וואנען ער איז, און ברוך לייב ענטפערט, פון סקאלא אָם זברוטש. דערהערנדיק דאס, בלייבט דער "יעקע" א פארציטערטער: סקאלע איז אין ווין געווען באוואוסט, צוליב'ן סקאלער גראף גאלוכאווסקי, וואס איז געווען אינערן־מיניסטער פון עסטרייך־אונגארן. סקאלע ליגט דאך אויף דער רוסישער גרעניץ און דער "אסט־יודע" וויל עפעס אומפארשטענדלעכע פאפירן. זייער פארדעכטיק; נישט אנדערש, נאר ער איז אוודאי א רוסישער שפיאן. אַי, די בארד, די פיאות, דער פליושענער קאפעליוש און די קאפאטע? נו, א שפיאן פארשטעלט זיך! דאס איז עס!

דער "יעקע" האט גלייך גערופן פאליציי און אויך די פאליציי האט נישט געהאט קיין גרויסן דערפאלג. ביי דער אויספארשונג האלט זיך ברוך לייב ביי זיינעם, ער איז פון סקאלע און ער וויל אשר יצר־פאפיר און מער גארנישט.

דא האט דער אויספארשער עפעס פארטראכט: (פארט פאליציי) ער וועט ברוך לייב'ן שטעלן א פראגע. אויב ער איז טאקע פון סקאלע, טא זאל ער זאגן צו וועמען געהערט סקאלע? געמיינט האט דער אויספארשער דערביי, אז אויב דער "יודע" ווייסט, אז סקאלע געהערט צו גראף גאלוכאווסקי, איז ער נישט קיין "שפיאן", נאר גלאט עפעס א שוטה, א צעדרייטער, און ער וועט אים באפרייען. טאמער נישט, אויב ער וועט נישט וויסן דעם ריכטיקן ענטפער, איז ער טאקע זיכער א געפערלעכער שפיאן. דא האט דער אויספארשער א נעם געטאן ברוך לייב'ן אויפ'ן צימבל: דו טענה'סט אז דו ביזט א סקאלער - טא זאגזשע מיר קלאר צו וועמען געהערט סקאלע? און ברוך לייב האט גלייך געענטפערט "סקאלע איז אין דער התחלה געווען כולה־וויזשניץ, ביז עס זענען אויפגעשטאנען עטלעכע הולטאיעס, דראבעס און זיך אפגעשפאלטן קיין טשארטקאוו" - קלאר ווי דער טאג.

דער סוף המעשה: נאכ'ן אפזיצן אביסל אין אויספארשונגס־ארעסט, איז ברוך לייב צוריקגעבראכט געווארן קיין סקאלע מיט "שופ", אונטער פאליציי־באגלייטונג.

## "אבער ער זינגט דאך תתברך" . . .

כידוע, זענען ביז צום גרויסן מחלוקת וויזשניץ־טשארטקאוו אלע חסידים געווען וויזשניצער. פארשטייט זיך, אז דער וויזשניצער נוסח התפילה איז געווען דער איינציקער. ווען דאס מחלוקת האט זיך צעפלאקערט, האבן די פרישע טשארטקאווער חסידים גענומען איינפירן דעם טשארטקאווער נוסח. די צרה איז אבער געווען, וואס דאוונענדיק דאס גאנצע לעבן מיט איין נוסח התפילה, איז זייער שווער געווען איבערצוגיין צום נייעם נוסח. איז נישט איינמאל געקומען צו פעטש. כדי צו פארמיידן חלול השם, פלעג מען, בעיקר אין די טעג פון יום טוב אוועקשטעלן א פאליציי־מאן, ער זאל אפהיטן די ארדענונג.

עס איז א מנהג ביי די וויזשניצער אין די שלוש רגלים טעג צו זינגען תתברך. טשארטקאוו האט דאס אפגעשאפט. ביז עס האט געטראפן אן "אומגליק". אין א פסח טאג, האט דער בעל שחרית זיך פארגעסן און גענומען זינגען תתברך. ווען עס איז געווארן א טומל, איז איינער פון די בעלי בתים, ווערלנדיק פארמיידן א חלול יום טוב, ארויס צום זשאנדארם (דער זשאנדארם פלעג שטיין אין דרויסן, נישט טארנדיק אריינגיין אין א מקום קדוש) מיט "פאַניע! פאַניע!" ווייזנדיק אויפן בעל תפילה. דער פארחידושטער ערל האט נישט פארשטאנען דעם גאנצן ענין און א זאג געטאן צום צעקאכטן ייד אויף פויליש: "אבער יענער טוט דאך נישט קיין שלעכטס. האט דער בייזער ייד א געשריי געטאן: "אבער ער זינגט דאך תתברך." . .

## "גוט מארגן, מושקאטאוויצער קוימען"

ר' משה דודי מעלצער ע"ה, דער שטאטישער גביר, און ר' לייביש נטע'ס (פייערשטיין ע"ה), זענען געווען כמעט אין איין עלטער און אינאיינעם געלערנט, בחורוויז, אין די חדרים. נאר לייביש האט געקענט א סך בעסער פון משה דודי'ן. אבער אין מזל איז משה דודי געווען א גוט־באזיצער, איינער פון די גרעסטע יידישע ערד־באזיצער אין גאליציע. דאקעגן לייביש איז אלע יארן געווען אן ארימאן, און שפעטער דורך פראטעקציע פון זיין קרוב, דעם ראש הקהל משה פייערשטיין, געוואוינט אין באד. פארשטייט זיך, אז קיינער האט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט.

איינמאל איז לייביש פארבייגעגאנגען משה דודי'ס הויז, בעת דער גביר איז פונקט געשטאנען אין דרויסן, און דערזעענדיק לייבישן, האט ער א פריילעכער א רוף געטאן: "גוט מארגן דרייקאפ" (לייביש פלעגט האלטן דעם קאפ אין א זייט). דער רוף "דרייקאפ" איז נישט געמיינט געווען חלילה לגנאי נאר פון יוגנטלעכער חבר'שאפט. נאר דער ארימער לייביש האט גלייך צוריקגעענטפערט "גוט מארגן מושקאטאוויצער קוימען" (מיינענדיק דעם הויכן קוימען פון זיין גוראלניע), און דערביי צו אים אזוי געזאגט: "דו ווייסט דאך משה דודי, אז לערנען קאן איך בעסער פון דיר, א מיוחס בין איך נישט קיין קלענערער פון דיר. אלא וואס דען? איך בין אן ארימאן און וואוין אין באד, רופט מען מיך "דרייקאפ". דיר דאקעגן טראגט יעדער ייד אנטקעגן דעם חנופה'דיקן גוט מארגן. זיי זשע וויסן,זיי מיינען נישט דיך, נאר דעם מושקאטאוויצער קוימען. זיי זאגן שקר, נאר איך זאג דעם אמת".

## "ניבא וידע מה ניבא" - א משל מיט א באן

איינמאל איז לייביש נטע'ס געקומען צו משה דודי'ן וועגן א געוויסן ענין. האט משה דודי, דאסמאל אן ערנסטער, לייבישן געמוסרט אויף אן היימישן אופן, זאגנדיק: "לייביש, דו ביזט דאך א ייד א בן תורה, ווען דו נעמסט דיך אין די הענט אריין און ווערסט א מענטש, וואלסטו דאך נישט געדארפט וואוינען אין באד". האט אים אויף דעם לייביש אזוי געענטפערט: "דאס לעבן אויף אונדזער

עולם השפל איז געגליכן צום גיין צו דער באָן. דער גראף גאלוכאוווסקי פארט צו דער באן אין א טייערער קארעטע. דו משה דודי, פארסט אין א פיינער בריטשקע; א ייד א בעל הבית פארט מיט ישראל יואל'ס פיאקער; א פשוטער ייד פארט מיט א פערד און וועגעלע, און איך לייביש, נעם דאס זעקל אויף דער פלייצע און כ'גיי צופוס. אמת, איר אלע קומט צו דער באן שנעלער און אויסגערוטער, און איך קום צום סאמע לעצט א מידער, א דורכגעווייקטער אין שווייס. אבער אין דער באן זענען מיר אלע גלייך. לעבן, לעבן מיר אויף פארשיידענע אופנים, דערפאר אין דער ערד וועלן מיר ליגן אלע גלייך".

## ברוך פייערשטיין דער "רעגירער"

ביי אונדז אין שטאט איז מיט א היבש ביסל יארן צוריק געווען א ייד ר' ברוך פייערשטיין, וועמען די שטאט־יידן האבן גערופן ברוך "רעגירער" און דער נאמען איז געווען ווי צוגעפאסט. ער איז געווען א ייד א תקיף, א חשוב ביי די פריצים און יידן האבן געציטערט פאר אים אימת מות.

דאס, וואס איך וויל דא דערציילן האט פאסירט מיט מיין זיידן ר' ברוך טאבאק ע"ה, ווען ער איז אלס 16 יאריקער יונגערמאנטשיק געקומען קיין סקאַלע און געגעסן קעסט ביי זיין שווער ר' זיידע דרימער ע"ה. זייענדיק ערשט א קורצע צייט אין שטאט און נישט קענענדיק כמעט קיינעם, איז ער פארבייגעגאנגען ר' ברוך "רעגירערס" הויז, גראד ווען יענער איז מאַיעסטעטיש געזעסן אינדרויסן אויף א שטול. דערזעענדיק מיין זיידן, האט ער א רוף געטאן: "בחור! קום נאר אהער!" (דער זיידע האט נאך נישט געהאט קיין חתימת זקן, האט ער געמיינט, אז ער איז נאך א בחור). ווען דער זיידע איז צוגעגאנגען צו אים, האט ער א קאמאנדעווע געטאן: "גיי טראג מיר ארויס דעם צעבער". אז דער זיידע האט א פארוואונדערטער זיך נישט גערירט פונ'ם ארט, האט דער תקיף א געשריי געטאן: "דו הערסט וואס איך רעד צו דיר?"

דער זיידע, כאטש נאך גאר א יונגער, האט זיך נישט דערשראקן און האט דעם "רעגירער" געענטפערט: "אנדערש פאסט אייך נישט, נאר איך זאל אייך טראגן דעם צעבער? איר זענט נישט חולה אים אליין צו טראגן".

דער "רעגירער" איז אויפגעשפרונגען א צעקאכטער, פרעגנדיק די מענטשן, וואס זענען דערביי געשטאנען: "ווער איז דער עזות־פנים?" עמיצער פון עולם האט אים געזאגט: "דאס איז ר' זיידע דרימערס יינגסטער איידעם". דא האט דער "רעגירער" זיך גלייך בארוהיקט, זאגנדיק: "יונגערמאן, דו וועסט שוין בלייבן א היגער תושב, אז דו האסט געוואגט מיר קעגנצוריידן". זינט דעמאלט האט ער אים נישט געטשעפעט.

## א דארפס ייד ווערט א פוסק

אין או"ח (אורח חיים) פסח ס"י תכ"ט ווערט געזאגט: "שואלין ודורשין קודם הפסח שלושים יום", דאס מיינט, אז דרייסיק טעג פאר פסח פארשט

מען און מען רעדט ארום די דינים פון פסח. באמערקט דארויף דער רמ״א, (ר׳ משה איסירליש, אין דער ״מפה״ צום שולחן ערוך) אז מנהג לקנות חיטים ולחולקם לעניים לצורך הפסח״ דאס הייסט, אז עס איז א מנהג צו קויפן ווייץ און צו צעטיילן צווישן ארימעלייט. ווי מען זעט פון די רייד פון רמ״א איז עס בלויז א מנהג. פונדעסן איז מעות חיטין געווארן א פארהייליקטער חוב צו באזארגן ארימעלייט מיט פסח־באדערפענישן, כדי אויך זיי זאלן זיך פילן טאקע ווי אמת׳ע בני חורין. אזוי איז עס איינגעפירט אין אלע תפוצות פון קדמונים אן, ביז היינט. עס איז גאר אן איידעלער, מענטשלעכער איינפיר, וואס פאסט זיך צו פסח, דער יום טוב פון חירות, פרייהייט.

אויך ביי אונדז אין סקאלע איז די מעות חיטים זאמלונג יאר־יערלעך דורכגעפירט געווארן און וועגן איינעם אזא ערב פסח, וויל איך דא דערציילן.

דער סקאלער רב, הרב אברהם דרימער ז״ל, פלעגט זיך זייער מתעסק זיין מיט מעות חיטים. ער איז אייניינעם מיט מיין פעטער ר׳ ישראל ברימער ע״ה יעדעס יאר ארומגעגאנגען אין שטאט נאך געלט. זיי פלעגן אויך ארויספארן אין ארומיקע דערפער (ספעציעל ציגאן און לאסיאטש), וואו עס האבן געוואוינט מערערע יידישע משפחות און צענויפגענומען ביי זיי, אחוץ געלט, אויך קארטאפליעס, בוראקעס א.א.וו.

אין ציגאן פלעגן זיי זיך אפשטעלן ביי ישראל ציגאנער, ביי וועמען עס איז געווען דאס דארפישע קלייזל, וואו זיי האבן געדאווענט בציבור. ישראל פלעגט אינצווישן לאזן וויסן אלע דארפס־יידן, וואס פארא חשובע אורחים עס זענען דא, און דער עולם איז געקומען און האט געגעבן מיט א ברייטער האנט. איינמאל האט איינער פון די יידן זיך געווענדעט צום רב מיט א בקשה, זאגנדיק: ״רבי, איך בעט אייך, פארהערט מיין יינגל״. אז דער רב האט געפרעגט, וואס ער לערנט שוין, האט דער ייד א שטאלצער געזאגט: ״ער לערנט שוין ״לייִשים״ מיינענדיק מסתמא לשם יחוד פאר הנחת תפילין. האט דער רב געזאגט: ״רוף אים אריין!״ דער בחור איז אריינגעקומען. דער רב, זעענדיק פאר זיך א כמעט אנטוויקלטן מאן, האט א פרעג געטאן דעם פאטער: ״ווי אלט איז דער בחור?״ זאגט דער פאטער; ״אין אכצנטן יאר״. דער רב, אן אויפגעבראכטער, האט א געשריי געטאן: ״געוואלד דו מיינסט צו זאגן, אז ערשט איצט וועט ער אנהויבן צו לייגן תפילין?״ יא, רבי ־ האט דער ייד א תמימותדיקער געענטפערט: ״איר זעט רבי, ער איז געווען ביז איצט דער יינגסטער אין דארף, האט ער יעדן שבת געטראגן די יידן די טליתים אין קלויז אריין. האב איך אים נישט געלאזט ווערן בר־מצוה, ווייל נאך בר־מצוה טאר מען דאך נישט טראגן שבת, היינט ווען ביי סענדער׳ן איז אונטערגעוואקסן אן אנדער יינגל, וועט יענער שוין טראגן די טליתים. איצט פארשטייט איר שוין?״

## רעשט פון א קויליטש

חיים ישראל בוגע איז באקענט געווען אין סקאלע ווי א ווערטל זאגער, א שפאס־טרייבער, א לץ, א פריילעך־מאכער. בפרט איז עס אזוי געווען

אין די יארן פון פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער איז געווען אן עושר. אמאל פלעג ער טרייבן אביסל ליצנות דווקא מיט קבצנים.

ווי באוואוסט, פלעגן יעדן שבת אינדערפרי ארימע ווייבער ארומגיין איבער די הייזער צונויפצונעמען חלה. יעדע יידענע האט געהאט אדער אן אונטערגעבונדען פארטוך, אדער גלאט געטראגן א טארבע, ארייננצואווארפן די צענויפגעקליבענע שטיקער חלה.

חיים ישראל, דער לץ, וואס פלעג הנאה האבן פון זיינע אייגענע חכמה׳לעך, האט אין איין שבת צו אזא ארייננקומענדיקער יידענע, אזוי א מאך געטאן: ״זייטשע מוחל, גיט מיר רעשט פון א קויליטש״. אז די צעטומלטע יידענע מיט דער טארבע האט נישט פארשטאנען, האט ער איר מסביר געווען בזו הלשון: ״אז איר גייט ארום אינדערוואכן נאך נדבות, און אז איינער וויל רעשט פון א גאנצן זילבערנעם רייניש, גיט איר אים, איא? היינט איז שבת, און אז איר קלייבט צענויף חלה, גיטזשע מיר רעשט פון א קויליטש״.

## מלמד־סוחר־פרעזידענט, און דער וואסערפירער

שלמה ווײנרויב, באקענט ווי שלמה אלטער׳ס, איז געווען א ייד א בן תורה. פאר דער ערשטער וועלט מלחמה איז ער געווען אין סקאלע א גמרא־מלמד, און טאקע א גאר גוטער. אזוי האבן די עלטערן פון די תלמידים געהאלטן. ער איז געווען א ייד א שטרענגער, אויף אלץ מקפיד געווען און געפאדערט און איינגעפירט געהארכזאמקייט. אז א תלמיד האט נישט געפאלגט, אדער נישט געקענט דאס שטיקל גמרא, פלעג שלמה אים גוט מקיים פסק זיין. ער האט נישט געזשאלעוועט. . .

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה איז שלמה אוועק פון סקאלע, ווי א פליכטלינג. צוריקקומענדיק קיין סקאלע נאך דער מלחמה, האט ער אוועקגעווארפן דאס מלמדות און זיך גענומען צו מסחר (געהאט א לעבנסמיטל געשעפט). די שטרענגקייט און פינקטלעכקייט האט ער נישט אויפגעגעבן; ער האט זי נאר איבערגעטראגן פון די תלמידים צו די מתפללים פון דער ״פארט־ארטור שול״, וואו ער האט רעגירט ביד רמה ווי פרעזידענט - ״דיקטאטאר״. איר וועט דאך פרעגן, ווי קומט א מקום קדוש זאל גאר הייסן ״פארט־ארטור״, דער נאמען אליין שמעקט דאך מיט קאזארמע און מיט פאניע־גנב? עס איז געווען א מעשה דערביי: אזוי ווי דער מקום קדוש איז געשטעלט געווארן נאך א גרויסער שריפה, האט מען דאס געבויט פון בעסטן מאטעריאל, שטיין, ציגל און א בלעכענעם דאך, ממש א פעסטונג. סקאלער ״פאליטיקער״ וואס האבן נאכגעפאלגט דעם רוסיש־יאפאנישן קריג און די שלאכט ביי פארט־ארטור, האבן דעם בנין, צוליב זיין מאסיווקייט, גערופן ״פארט ארטור״. דער נאמען איז שוין געבליבן לדורות. דא דארף מען צוגיבן: שלמה איז אלץ ווערט געווען. ראשית האט ער געלט געגעבן דער ערשטער, ער איז אויך געווען בעל־תפילה, בעל־קורא, ראש השנה האט ער געבלאזן שופר און אלץ אן געצאלטס. א דאנק דעם האט די ״פארט ארטור״ שול געקאנט עקזיסטירן, ווייל כמעט אלע מתפללים זענען געווען פון נישט־

פארמעגלעכן שטאנד. דער עולם האט דאס אפגעשאצט און האט שלמה'ן נישט בלויז רעספעקטירט, נאר פשוט פאר אים מורא געהאט, זיין ווארט איז געווען א באפעל.

שמחת תורה, פלעג שלמה, דער פרעזידענט, פארבעטן דעם גאנצן עולם צו זיך א היים אויף קידוש און זיין ווייב האט געשטעלט אויפן טיש אלע יום־טובדיקע מאכלים און משקה. דער עולם, א דערוואַרעמטער, האט געזונגען און געטאנצט כמעט ביז מנחה־צייט.

איינער פון שלמה'ס "אונטערטאנען" איז געווען מאטיע רעכטער, א וואסערפירער. איז ער, מאטיע, זיך אין א שמחת תורה־טאג זייער לאנג פארזעסן ביים קידוש. זיין ווייב, וועלי, איז ארומגעגאנגען א פארזארגטע נישט וויסנדיק, וואו איר מאטיע איז אהינגעקומען. און דא, דער טאג שטייט נישט, דער יום־טובדיקער מאלצייט ווערט קאלט און מאטיע איז ווי אין וואסער אריין. מיטאמאל באווייזט זיך מאטיע א פארשניאשקעטער, ברומענדיק א יום טוב ניגון. מיט א ברייטן "גוט יום טוב, וועליניו". ענטפערט זי אים א בייזע: "א וויסטער יום טוב צו דיין קאפ, וואו ביזטו אהינגעקומען, כ'האב שוין געמיינט ווער ווייסט וואס?" נאר מאטיע מאכט זיך גארנישט פון איר כעס, זאגט א פריילעכער, א פסוק פון אתה הָראת: "זינגזשע וועליניו, ויהיו נא אמרינו לרצון לפני אדון כל." הערנדיק מאטיען שיטן מיט פסוקים ממש ווי א רב, מאכט וועלי א שטילערע: "נישט געוואוסט וואס איבערצוקלערן, און דאס עסן ווערט קאלט". ענטפערט מאטיע ווידער מיט א פסוק: זאגזשע וועליניו, "מלכותך מלכות כל עולמים וממשלתך בכל דור ודור". דא זאגט שוין וועלי א שיינענדיקע: "זאגזשע מאטיע לעבן, אז דו ביזט געווען ביי שלמה'לען און אריינגעכאפט תורה מיט געפילטן קרויט . . . פראקעס . . . זאלזשע דיר וואויל באקומען . . . וואש זיך און גיי צום טיש. . .

## פעטש פאר'ן קייסער'ס ברויט

בעת דער רוסיש־יאפאנישער מלחמה, אין 1905, איז יעדער קלויז־ייד געווען א וואזשנער פאליטיקער און א מיליטערישער "סטראטעג". באזונדערס ווען ר' משה בראווער, אן "אפענער קאפ", פלעג אין דער טשארטקאווער קלויז פארלייענען און פארטייטשן די נייעסן פון בלאט. די צוהערערס האבן זיך צעווארעמט, פארפירט ויכוחים, און כמעט אלע זענען געווען מיט דער דעה אז דער יאפאנטשיק מיט איין קאסאקע אויג אין שטערן, וועט מאכן א תל פון פאניע־גנב. פאניע וועט כאפן א מפלה.

אבער ר' שלמה אהרון, א מלמד, א כעסן, וואס האט געשטאמט פון רוסלאנד, איז כלל נישט געווען איבערצייגט אין נצחון פון יאפאן. פארקערט: ער האט פארזיכערט, אז די קאזאקן מיט די שאשקעס (שווערדן) וועלן צעשאטקעווען די יאפאנטשיקעס ווי א קרויט, וועלן צעמערשטן זייערע ביינער און זיי פארוואפן מיט די קוטשמעס.

דערהערנדיק אזעלכע דיבורים, האט ר' מאיר יאשע'ס (קאפעליוש) אן אויסגעדינטער עסטרייכישער סאלדאט, מכבד געווען ר' שלמה אהרונ'ען מיט

עטלעכע פעטש. אז ס'איז געווארן א גערודער און מ'האט צו מאיר'ן געשריגן: "הייתכן, ס'טייטש? ווי הייבט מען עס אויף א האנט אויף א ייד, א תלמיד חכם, הייתכן?" האט מאיר געהאט א פארטיקע תשובה: יא אַ מצווה אויף אים. ער (שלמה אהרון) פרעסט דעם קייסער'ס ברויט, טא זאל ער נישט אנטקעגן־רעדן און אים נישט זיין קיין שונא. . .

## נישטא קיין נייעס אונטער דער זון

ווען מ'האט אין די אכציקער יארן פון פארגאנגענעם יארהונדערט געבויט אין סקאלע די אייזן־באן, האבן יידן געווארט אין שפאנונג, זיך געחקרנט און געדרייט מיט די פינגער, כדי צו פארשטיין און צו כאפן דעם "שכל" פון דער זאך.. באזונדערס האבן זיך געבראכן די "מוחות" יענע, וואס האבן דאס חידוש נאך פריער נישט געהאט געזען, ווער שמועסט ־ נאך צו פארן דארין . . סטייטש, א באן, אן אייזערנער מחבל מיט איין ברענענדיקן אויג, לויפט ווי א רוח, בלאזט מיט רויך ־ סכנות נפשות. קאן מען משער זיין דעם רעש און דעם קאך וואס עס האט זיך אפגעטאן, ווען די באן האט באדארפט אנקומען צום ערשטן מאל? קינד־און־קייט זענען געווען ביי דער סטאנציע. אפילו בערדיקע יידן, תלמידי חכמים וואס זענען נזהר פון ביטול תורה, זענען אויך געקומען. א קטנותא, א קליינינקייט, א באן!ץ

צווישן עולם ביי דער סטאנציע איז אויך געווען יאסל ־ דאס ־ געלעכל (בלומענטאהל) א געבוירענער אין בארשטשעוו און דאריבער שוין ממילא א שטיקל "וועלטס־מענטש" און דערצו א בן תורה.

דער צוג איז סוף־כל־סוף אנגעקומען, מיט א פייפעניש און פרייכעניש און א טשאד צום באן־הויף, שלעפנדיק א גאנצע שורה פון וואגאנען. און דא האבן די פארחידושטע יידן דערזען אין מיטן פון דער שורה וואגאנען איין וואגאן מיט פערד. אז יאסל בלומענטאהל האט דערזען די פערד, האט ער מעשה בר־סמכא אזוי אַ מאך געטאן: אין כל חדש תחת השמש . . נישטא קיין נייעס אונטער דער זון; געוויינליך, ביי סתם א וואגן זענען די פערד איינגעשפאנט פון פארנט און שלעפן; די באן שלעפן די פערד פון דער מיטן. . .

## "העכערע" און "נידעריקערע" פייערשטיינס. . .

ברוך ראזענבוים, ר' מענדל משה לייב'ס איידעמס זון, האט געארבעט ביי ר' ישראל ויידמאן אין מאגאזין. איינמאל האט ער זיך דורכגעשמועסט מיט א גוי וועגן יחוס פון דער משפחה פייערשטיין (ער, ברוך, איז געווען אן אייניקל פון ר' משה לייב פייערשטיין). ער האט געטענה'ט אז דעם נאמען פייערשטיין האבן זיי באקומען פון קייזער יאזעף דעם צווייטן. אַ־פונוואנען האבן זיך גענומען אזוי פיל פייערשטיינס אין אזא קליין שטעטל ווי סקאלע? דער תירוץ איז אז ר' אהרן משולם פייערשטיין, זייענדיק מעטריקאל־פירער, פלעגט פאר א געוויסן פרייז ארייננשרייבן אין רייסטער אריבערגעקומענע יידן פון רוסלאנד און אנדערע, וואס האבן געדארפט א פיקטיוון נאמען, און האט זיי פארשריבן ווי פייערשטיין. קיין קרובה'שאפט איז צווישן זיי נישט געווען.

אז דער גוי האט ברוכ׳ן געפרעגט, צי ישראל יוסי׳ס, וואס האט אויך געהייסן פייערשטיין, איז פון זיין משפחה, האט ברוך געזאגט אז ניין. זעענדיק, אז דער ערל, דער גויישער קאפ, איז אלץ נישט תופס, האט ער אים געפרואווט מסביר זיין מיט שכל, אויף אוקראיניש, און געזאגט אזוי: פארשטייסט, איוואן, מיר זענען העכער און זיי זענען נידעריקער. האט דער צעטומלטער גוי געפרעגט: ״מיט וואס זענט איר העכער און יענע זענען נידעריקער?״ האט ברוך פייערשטיין געענטפערט: ״מיר דאוונען אין דער טשארטקאווער קלויז און זיי אין בית המדרש״.

## ישעיה קראן דער בעל מופת

ישעיה קראן, שייקע דעם סופר׳ס, איז געווען א באוואוסטע ״פיגור״ אין סקאלע מחמת זיין מאדנער פרנסה, אדער פרנסות. ראשית איז ער געווען א כתבא רבא, מיט א שיינער האנטשריפט, מיט לשון קודשדיקע מליצות און מיט פליטערלעך. די דאזיקע מעלה האט ער שטארק אויסגענוצט. ער האט זיך באזארגט מיט א גאנצן קעסטל מיט אדרעסן פון גרויסע גבירים און אנדערע פערזענלעכקייטן, אין דייטשלאנד און אויך אין ווין. ער האט אויך געוואוסט ווען די אלע גבירים און גדולים האבן יארצייט, אדער פראווען עפעס א שמחה. פלעג ער טאקע צו יעדער אזא געלעגנהייט -בעיקר אויף ראש השנה - אוועקשרייבן צו יעדן פון יענע מכובדים א בריוו מיט די שענסטע ברכות. צו די גאר גרויסע גבירים ווי ראטשילד למשל, פלעגט דער טיטול איבער׳ן בריוו זיין אויסגעציקלט און אויסגעקרייזלט אויף א גאנצן זייטל. פון די דאזיקע שרייבעכצער פלעג טאקע צו אים אריינקומען געלט.

נאר דאס דאזיקע טועכץ איז געווען בלויז א טייל פון דער פרנסה און דאס נאר בעת ער איז געווען אינדערהיים, אין שטאט. ער, ישעיה, פלעגט זיך אבער אויך מטריח זיין און ארומפארן איבער ווייטערע שטעטלעך און דערפער, וואו קיינער האט אים נישט געקענט - און באגלייט פון א גבאי, שלמה סופר - אנגעגאנגען ווי א ״גוטער איד״, א בעל מופת.

אין א זיידענער ראדזשיוואולקע איבער דער קאפאטע, א ספאדיק אויפ׳ן קאפ, א טערקישע ליולקע - ציבוק אין מויל, א שטעקן מיט א ביינערנער גולקע, פלאכע שיך און זאקן ביז איבער די קני - איז ער געווען א לעבעדיקער ״פארטרעט״ פון א רבי׳ן. . .

זיין מנהג, למשל, איז געווען אזא: דאנערשטיק פארנאכט פלעג ער אריינפארן אין א שטעטל, זיך אפשטעלן ביי זיינעם א חסיד, איבערנעכטיקן,און פרייטיק אינדערפרי, ווען די בעל הביתטע איז געווען פארנומען מיטן אנגרייטן אלץ לכבוד שבת קודש און לכבוד אים ״זאל לעבן״, איז דער גבאי אריינגעקומען פרעגן אויף די פיש ווייל ״ער זאל לעבן״, מוז האבן פיש לכבוד שבת. אז די בעל הביתטע האט א פארשעמטע אים געענטפערט, אז צו איר צער זענען אין די מקומות נישטא קיין פיש, איז דער גבאי צוריק אריין צום ״רבין״ און באלד ארויסגעקומען א פריילעכער און געזאגט: ״דער רבי זאל לעבן״ האט געהייסן גיין

צום שטעטלישן טייכל און דארט כאפן פיש לכבוד שבת״. (ער איז געווען זיכער, ווייל ארייפארנדיק אַן אוונט פריער אין שטעטל, האט ער אריינגעווארפן א זעקל לעבעדיקע פיש). אז ״ער זאל לעבן״ הייסט, איז דאך נישט שייך! דער בעל הבית איז אוועק צום טייכל און, פלאי פלאים, וואונדער איבער וואונדער, ער האט געכאפט פיש. דארף מען דען נאך א בעסערן מופת? אז ״ער זאל לעבן״ וויל נאר, קאן ער. א סימן האט איר, דעם נעכסטן ערב שבת זענען יידן געגאנגען צום טייכל כאפן פיש און אהיים געקומען מיט ליידיקע הענט.

און איצט וועגן נאך איין מופת, וואס האט ישעיה'ן באריטמט געמאכט אין די מקומות, וואו ער איז ארומגעפארן.

אין א געוויסן דארף איז געווען א רייכער ארענדאר, נאר א גרויסער קמצן. די ארענדארקע, זיין ווייב, איז גאר געווען א מרשעת: נישט בלויז זיי פלעגן נישט געבן קיין נדבה אן ארימאן, נאר בכלל נישט אריינגעלאזט קיין יידן איבערן שוועל. ווען שייקע האט געהערט וועגן דעם הארצלאזן פארל האט ער באשלאסן זיי אנצולערנען ווי אויך מחזיר למוטב זיין. אין א קאלטן ווינטער נאכמיטאג, ווען דער שניי האט מוראדיק געבלאזן, איז שייקע פארפארן צום ארענדאר. אליין בלייבנדיק זיצן אין שליטן, האט ער אריינגעשיקט שלמה גבאי אין קרעטשמע אריין פרעגן צי דער ״רבי״ קאן אריינקומען. די ארענדארקע האט אים גלייך געענטפערט: ״איר ווייסט דאך, מיר לאזן נישט אריין קיין שלעפערס״. אז שלמה האט אים פארזיכערט, אז דאס איז נישט קיין שלעפער, נאר א רבי, א צדיק, און דאס איינציקע, וואס ער בעט איז אז מ'זאל אים אריינלאזן דאווענען מנחה־מעריב, האט שוין דער בעל־הבית געגעבן זיין הסכמה, זאגנדיק: ״לאז ער אריינגיין אין דער הינטערשטער שטוב אפדאווענען און גלייך זיך פארנעמען״. באקומענדיק די דערלויבעניש, איז שלמה ארויס און צוריקגעקומען מיטן ״רבין״ און אריין אין דער הינטערשטער שטוב. דארט האט שייקע מיטאמאל דערזען א קאץ זיך ווארעמען ביי דער הרובע. האט ער באשלאסן, אז איצט איז א שעת הכושר אָנצולערנען די רשעים. ער האט גיך אויפגעקנעפלט די ציך פונם איבערבעט, א כאפ געטאן די קאץ, אריינגעווארפן אין אפענער ציך, צוריק פארקנעפלט און זיך געשטעלט דאווענען. אפגעדאווענט און, שטייענדיק שוין אין דער בורקע האט ער א זאג געטאן צום ארענדאר: ״מילא, וואס איר האט מיך מבייש געווען בין איך אייך מוחל, אבער אויף דער הקפדה פון מיינע הייליקע אבות וועט איר מוזן תשובה טאן״. ער איז ארויס, ארויף אויפן שליטן און אוועקגעפארן. פארנדיק טוט ער א זאג צו שלמה'ן: ״מיר וועלן אריינפארן אין נאענטסטן דארף און אריין דארט צום ארענדאר און ווארטן, זיי וועלן שוין קומען צו מיר״. דערווייל האט דער קמצנותדיקער ארענדאר פארמאכט די קרעטשמע, אריין מיטן ווייב אין שלאף־שטוב, פארלאשן דאס לעמפל און מיד אריין אין די בעטן. און דא, איידער מ'האט זיך דערווארעמט, שרייט די ארענדארקע מיט באנומענע קולות: ״געוואלד! א בראך איז צו מיר! עפעס לויפט ארום אין איבערבעט״. דער מאן, א שטארק־דערשראקענער, פרואווט זי בארוהיקן, אז עס דאכט זיך איר אויס. עס העלפט אבער נישט, זי שרייט ווייטער, אז עפעס לויפט ארום אין איבערבעט. דער ארענדאר איז אראפ פון בעט, אנגעצונדן א ליכט און וויי־געשריען; דאס גאנצע

איבערבעט שאקלט זיך. דא טוט ער שוין א געשריי: "איך האב דיך אין דער אדמה דו מרשעת, דאס האסטו, ווייל האסט מבייש געווען א גוטן יידן, א מצווה אויף דיר". זעענדיק אבער, אז דאס לויפעניש אין איבערבעט הערט נישט אויף און ס'ווייב איז דול פון שרעק זאגט דער ארענדאר צו איר: "טו דיך אן און איך גיי שפאנען דעם שליטן, מיר וועלן פארן זוכן דעם גוטן יידן, אים פאלן צו די פיס און ביי אים בעטן מחילה, אים איבערבעטן".

צעשראקענע, פארצרה'טע, זענען זיי אריינגעקומען אין ערשטן דארף, צוגעפארן צום דארטיקן יידישן קרעטשמער, צו זוכן און צו פרעגן, אולי ירחם, אפשר ווייסט ער עפעס וועגן גוטן יידן. דער שכן־קרעטשמער ענטפערט זיי א פריילעכער: "דער רבי איז ביי מיר". דעם דערשראקענעם פארל איז אראפ א שטיין פון הארץ. זיי זענען ביידע אריין צום "רבין" מיט א יללה. פאלנדיק אים צו די פיס האבן זיי אנגעהויבן מיט א געוויין: "הייליקער צדיק, מיר האבן שווער געזינדיקט, האט רחמנות און טוט אפ פון אונדז די קללה. מיר זאגן אייך צו, מיר וועלן זיך פירן אנדערש". שייקע איז געזעסן א פארטראכטער און לסוף, ווי צו זיך, א זאג געטאן: "נו, אז יידן טוען תשובה, דארף מען זיי מוחל זיין". און צום ארענדאר: "גיי שפאן דעם שליטן, איך וועל פארן מיט אייך אהיים". קומענדיק צוריק, האט דער "רבי" באפוילן: "לאזט מיך אריין אין שלאף־שטוב און זאל קיינער נישט עפענען די טיר, ביז איך וועל ארויסקומען. איך דארף מתפלל זיין." ער איז אריין אין שטוב, פארמאכט הינטער זיך די טיר, גיך אויפגעקנעפלט די ציך און ארויסגעלאזט די קאץ. באלד איז "ער זאל לעבן" ארויסגעקומען מיט א שיינענדיקן פנים זאגנדיק: "געלויבט השם יתברך, איר קאנט שוין גיין שלאפן". ער אליין האט שוין דארט אויך גענעכטיקט. די ארענדארקע איז אריין אין בעט, און עס איז שטיל א מחיה. זעענדיק דעם "מופת" מיט די אייגענע אויגן, האבן זיי שוין געקוקט אנדערש אויפן "הייליקן" מאן. זיי האבן אים באלוינט, און זינט דעמאלט זענען זיי געווארן אנדערע מענטשן. דער ארענדאר איז געווארן שייקעס א פייערדיקער חסיד ווי אויך א מכניס אורחים. (די מופתים פון שייקען האב איך געהערט פון שלמה סופר הי"ד זיין גבאי, בעת איך האב געלערנט אין חדר ביי מיין טייערן רבין, ר' אברהם מארגענשטערן ז"ל, דער בודזאנאווער מלמד).

## נאך מופתים

ווען שמעון גאטעספעלד (גלעזער) האט חתונה געהאט מיט אסתר יוסי'ס (וויזענטאל) זענען די ערשטע יארן נאך דער חתונה גארנישט געווען קיין גליקלעכע. די סיבה: חוסר בנים. עס זענען נישט געבוירן געווארן קיין קינדער ביי זיי. האט זי, אסתר, געטאן אלץ וואס מען דארף טאן אין אזא מצב. ראשית כל, ווי איינע פון דער משפחה־וויזענטאל, פייערדיקע טשארטקאווער חסידים, איז זי געלאפן מיט קוויטלעך און פדיונות צום טשארטקאווער רבי'ן. זי איז אבער נישט אויפגעבונדען געווארן; איר טראכט איז געבליבן פארמאכט. . .

ביז איינמאל, אין א רגע פון פארביטערונג האט זי געזאגט צו אירע ברידער: "אפשר זאל איך גאר אריבערגיין מיט א קוויטל צום וויזשניצער רבי'ן און

דורך אים געהאלפן ווערן? "חס ושלום" האבן די ברידער פארציטערטע אויסגעשריגן; "זאלסט זיך נישט דערוועגן צו טאן אזא מעשה, ווייל מיר וועלן זיך אפזאגן פון דיר". נו, זי האט געמוזט פאלגן.

איינמאל איז געקומען קיין סקאלע דער האָראָדענקער רבי, הרב יחיאל מיכאל ז"ל. האט אסתר מער נישט געקאנט ביישטיין דעם נסיון און איז אוועק צום רבי'ן און דארט אויסגעגאסן איר ביטער הארץ, און דער רבי האט איר צוגעוואונטשן א בן־זכר. און נסים איבער נסים, זי איז דאס זעלבע יאר מעוברת געווארן און געבוירן א זון. (אונדזער פייוועלע גאטעספעלד, היינט אין חיפה). די שמחה איז געווען א גרויסע און אפילו איר משפחה האט געמוזט מודה זיין אז זי האט גוט געטאן.

פארשטייט זיך אז זי האט שוין ווייטער געהערט צו די חסידים פון האָראָדענקע. אין צוויי יאר שפעטער, ווען דער האָראָדענקער איז ווידער געקומען קיין סקאלע, האט אסתר גענומען דאס קינד אויף דער האנט און אוועק, א גליקלעכע, צום רבי'ן. דער רבי, ליינענדיק דאס קוויטל און געדענקענדיק די מעשה האט א זאג געטאן: "על הנער הזה התפללתי" (אויף דעם יינגל האב איך געבעטן). האט זיינער א חסיד, מעשל קאהן, וואס איז געווען דערביי און באוואונדערט דעם רבי'נ'ס חריפות אין זכרון, א זאג געטאן: "אַי האט ער א קאפ, ער זאל אים נאר אַראָפּ!"

## דער ווינער שוחט און
## די פארגליווערטע חלה

צווישן די כלי קודש אין סקאלע איז אויך געווען דער "ווינער" שוחט. ווי אלע אנדערע שוחטים, האט ער געטאן זיין ארבעט, די מלאכת הקודש, בשלימות. נאר למאי האט מען אים גערופן דער "ווינער" שוחט? עס קאן זיין דערפאר וואס דער קאלנער פון זיין העמד איז שוין געווען פארקנעפלט מיט א קנעפל און נישט פארבונדען מיט לויזע בענדלעך; און אפשר דערפאר וואס ער האט געטראגן אויף די פיס שטיוול מיט כאליוועס און נישט קיין שיך מיט לאנגע זאקן ביז איבער די קני. עס קאן אויך זיין, אז ער האט געצוואגן בארד און פיאות מיט אקריפ. מאלע וואס.

איז וועגן דעם דאזיקן "ווינער" שוחט און זיין אידענע, די שוחט'קע, האבן סקאלער ליצנים דערציילט אזא מין מעשה נורא:

יעדן דאנערשטיק פלעגט דער שוחט זיין טרוד אין שעכטהויז פון גסות ביז שפעט אין דער נאכט. עס איז דאך עפעס ערב־שבת. ער פלעג דערנאך א מידער אריין אין שטוב, עפעס טועם זיין און גלייך אוועקפאלן אין טיפן שלאף.

די שוחט'קע, ווידער, פלעג לכבוד שבת אויפשטיין פרייטיק עטלעכע שעה פארטאג, כדי אויסצוהייצן דעם אויוון און באקן חלה און אנדערע גוטע זאכן לכבוד דעם הייליקן יום המנוחה.

צו יענער צייט פלעגן די ווייבער זיך נוהג זיין, באזונדערס ווינטערצייט, צו לייגן דאס פארקנאטענע טייג אונטערן איבערבעט, כדי עס זאל

גוט אויפגיין אין דער ווארעם. איין ווינטערדיקן ערב שבת, ווען די שוחט׳קע איז אויפגעשטאנען צו איר ארבעט און האט דערפילט אז אין שטוב איז א קרירה און איר מאן שלאפט ווי א הרוג, האט זי ארויסגענומען דאס טייג פון איר קאלטן בעט און עס איבערגעלייגט אין ווארימען בעט פון איר מאן. אויסגעהייצט דעם אויוון, גייט זי א פארפלאמטע צום מאנ׳ס בעט, כדי אפצוקנייפן א שטיקל טייג און ווארפן אין פייער, מקיים צו זיין די מצוה פון חלה־נעמען. זי האט אביסל אויפגעהויבן דאס איבערבעט (די פערענע) פון שוחט׳ס בעט, א לייטישן קניפ געטאן דארטן - און, אוי וויי געוואלד, סע קנייפט זיך עפעס נישט אפ. ס׳הייסט קנייפן קנייפט זיך יא, נאר עס רייסט זיך נישט אפ קיין שטיקל טייג. א דערשראקענע, טוט די שוחט׳קע א געשריי: ״וויי־איז־מיר, אן אומגליק איז מיר געשען, א בראך האט מיך געטראפן״, די חלה איז פארגליווערט און מען קאן בשום אופן נישט אפרייסן א שטיקל טייג״. נעמט זי זיך אן מיט כוח און טוט שוין א גאר שטארקן קניפ. דא כאפט זיך אויף דער שוחט מיט א גוואלד: ״אן איינפאל אביסל, האסט שוין נישט וואס צו טאן נאר מיך צו קנייפן אין הינטער־חלק, אין דער קעלט און אין דער פינסטער? אן בושה!״

דא האט די שוחט׳קע זיך געכאפט אויף איר טעות און, פאר דער מצווה פון נעמען־חלה, שוין געקניפן דאס ריכטיקע טייג און דער מולטער. . .

## אמונת צדיקים

בעת עס איז אויסגעבראכן די גרויסע שרפה אין סקאלע אין 1899, וואס האט פארצוקט כמעט דאס גאנצע שטעטל, איז געשען אזא מעשה: ווי באוואוסט, האט דאס פייער זיך אנגעהויבן ביי וואלף מאיר דוד׳ס (שפעטער משה וואסערמאנס) הויז און די פלאמען האבן זיך געשווינד איבערגעטראגן אויף אנדערע הייזער. די קולות זענען געגאנגען ממש עד לב השמים. איז זיך פרץ (אליהו הערשער׳ס זיידע) ארויסגעגאנגען און א רוהיקער זיך גענומען ציילן די הייזער. אז פארוואונדערטע מענטשן האבן אים א פרעג געטאן, וואס ער טוט, האט פרץ א רוהיקער געענטפערט: ״איך האב א ברכה פון א רבי׳ן, אז מער ווי זיבן הייזער וועלן נישט ברענען און ביז צו מיר איז דאך אכט״. דער סוף פון דער מעשה? אין ״זכות״ פון דער אמונה איז דאס הויז דווקא פארברענט געווארן מיט די שטובזאכן.

## לואי מענשעל

# ר׳ איציקל איוואנקאווער
# דער פאסעסאר ווערט
# א געלט־מינצער

עטלעכע שטריכן, עטלעכע עפיזאדן פון לעבן פון מיין עלטער־עלטער זיידע ר׳ איציק מענשעל, אדער ווי מ׳האט אים גערופן, ר׳ איציקל איוואנקאווער, קאנען גיבן כאטש א טייל־ווייז בילד פון יידישן לעבן אין סקאלע פון ארום העכער הונדערט דרייסיק יאר צוריק.

בערך אין יאר 1844 איז ר׳ איציקל איוואנקאווער געווען א פאסעסאר, אבער דערביי א ייד א תלמיד חכם, א גרויסער ירא שמים, א בעל צדקה. ער האט געגעבן מיט דער ברייטער האנט אויף הכנסת כלה, און איז אויך געווען א ווארעמער מכניס אורחים. דערצו איז ער געווען גאר א הייסער חסיד פון וויזשניצער רבי׳ן ר׳ מענדעלי און איז געשטאנען אונטער זיין השפעה.

ר׳ איציקל מענשעל (איוואנקאווער) האט געהאט באקענטשאפט און אויך א געוויסן איינפלוס אין די קרייזן פון קייזער פראנץ יאזעפ׳ס רעגירונגס־לייט.

אין יאר 1845 האבן אין געלד־מארק אויסגעפעלט די 10 קרייצער שטיק (זעקסערליך). דאס האט שטארק געשטערט דעם סקאלער שטאטישן מארק האנדל. דער יידישער איוואנקאווער פאסעסאר איז דאמאלס אוועקגעפארן קיין ווין צו דעם פינאנץ מיניסטער מיט א ביטע נאך די 10 קרייצערדיגע מטבעות. דער רעגירונג האט דאמאלס אויסגעפעלט דער מעטאל צו מאכן די זעקסערליך, האט ער באפולמעכטיגט מיין עלטער זיידען, איציק מענטשעל, צו מינצן א צאל זעקסערליך אונטער דער רעגירונגס קאנטראל. די זעקסערליך זיינען געמאכט געווארן פון א רויטן מעטאל און האבן קורסירט פאר 12 יאר צייט.

האט מען די זעקסערליך גערופן די רויטע ״איציקלעך״.

אונזער זיידע, איציק מענטשעל, איז געווען ווי געזאגט, א הייסער וויזשניצער חסיד, פלעגט ער פארן אויף יעדן שבת ראש חודש צום רבי׳ן.

מיט דער צייט האבן זיך אין סקאלע צונויפגענומען א צאל וויזשניצער חסידים מיט מיין זיידען איציק מענטשעל בראש. אין יאהר 1848 האט ער אויפגעבויט א קלויז אין וועלכער דעם וויזשניצער רבינ׳ס נוסח, שטייגער און מנהגים זיינען שטרענג אפגעהיט געווארן. די קלויז האט מען גערופן ״איציק׳ס קלייזל״.

די פארצווייגטע משפחות וואס זיינען ארויסגעקומען פון אונזער עלטער־עלטער זיידען, איציק מענטשעל ע״ה, דער איוואנקאווער פאסעסאר, זיינען געווען: מענדעל מענטשעל, מענדעל קאהן, מענדעל קעלמאן, מר. און מרס. קאפעל וויינטרויב, שרה וויעזענטאהל.

יעקב וויזענטאל

# די "שקאָלע" און דעם טאַטנ׳ס שטריימל

ווען איך בין נאך געווען א חדר אינגל פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה האט אויף סקאלע — און אויף אנדערע קהילות אין מזרח־גאליציע — פלוצלינג זיך אראפגעלאזט א ביטערע "גזירה": אלע קינדער פון שול־עלטער מוזן באזוכן א מלוכה׳שע עלעמענטאר־שולע. לערנען פריוואט ביי א לערער ־ווי מען האט ביז איצטער זיך געפירט־ איז נישט גענוג. מען מוז גיין אין א "שקאָלע"! דער עסטרייכישער קייסער פראנץ יאזעף איז טאקע א מלך חסד, ער איז גוט צו יידן, אבער מיט גיין אין "שקאלע" האט דאס נישט צו טאן. זיין, דעם קייסער׳ס בילדונגס־מיניסטעריום האט געטענה׳ט: איר האט אלע רעכט און פרייהייטן ־טא שיקט די קינדער אין "שקאלע"!

צווישן די סקאלער פרומע, חסידישע יידן איז געווארן א בהלה: הייתכן, וואס הייסט שיקן קינדער אין "שקאלע", וואו מען דארף זיצן אן א יארמעלקע, אין הוילן קאפ, און אויף די ווענט הענגען צלמים? מען וועט הערן טריפה־פסול, ווי גוישע קינדער פרעפלען און, ווער ווייסט? אפשר וועט מען נאך מוזן גיין אין "שקאלע" אום שבת און , חלילה־וחס, מחלל שבת זיין? דאס וועט נישט געשען! זאל זיין וואס עס וועט זיין ־ יידישע,פרומע קינדער וועלן נישט גיין אין שקאלע, און שוין!

מיין טאטע, ר׳ הירש אליהו, ע״ה, איז אויך געווען צווישן די ניין־זאגערס, לא מיט אן אלף.

די שטאטישע בילדונגס־פארוואלטונג איז דערפון סוף כל סוף געוואויר געווארן און מיין טאטע איז באשטראפט געווארן אויף צו נעמען "קנס" פון אים: צו מאכן א "פענדונג", דאס הייסט עפעס אוועקצונעמען פון הויז..

משה יונה, דער יידישער פאליציאנט, וואס איז געקומען, "בפקודת הקיסר" דורכצופירן די "פענדונג", האט זיך מיישב געווען, אז די בעסטע זאך צוצונעמען פון שטוב איז מיין טאטנס שטריימל..

אבער משה יונה פאליצייניק - אליין א ייד מיט בארד און פיאות אין א שטריימל און קאפאטע שבת ויום טוב -האט געפונען א פארטל, וויאזוי זיך ארויסצודרייען פון קלעם. וואס הייסט ער וועט א חסידישן יידן ווי מיין טאטען לאזן גיין שבת און יום טוב בבושת פנים אן א שטריימל? האט ער, משה יונה, יעדן ערב שבת און ערב יום טוב צוריקגעבראכט אין שטוב אריין דאס שטריימל און נאך שבת און יום טוב האט ער עס צוריקגענומען און צוריקגעטראגן אין געמיינדע־אמט אריין. אזוי האט משה יונה יוצא געווען אויך פאר פראנץ יאזעפ׳ס געזעץ: אי דער קייסער האט געהאט דאס שטריימל, אי דער טאטע האט עס געהאט...

אחוץ אפצוהיטן און דורכצופירן דעם קייסערס געזעצן האט משה יונה אויך אפגעהיט מצוות: ער פלעג זיך מטריח זיין יעדן פרייטאג פארנאכט, און באקוקן, צי דער ערוב איז גאנץ, כדי יידן זאלן מעגן טראגן אום שבת. ער, משה יונה, האט אויך געהאלטן אן אויג, קיינער זאל חלילה וחס נישט מחלל שבת זיין בפרהסיא. א פרוי זאל חס ושלום נישט טראגן א האנט־בייטל, אדער א שירעמל. משה יונה האט בלויז באדארפט איין קוק טאן, עפענען דאס מויל . . . א פרוי, וואס האט געוואגט אזא זאך, איז באלד אנטלאפן פייל־אויסן בויגן . . אבער זעלטן־זעלטן האט ווער אזעלכעס געוואגט . . נישט אין סקאלע . . נישט אין יענער צייט . . . איז טאקע געווען אזא סקאלע? און אפשר בלויז א חלום. . .

## בן-ציון פידערער

# דריי געשטאַלטן פון אַמאָל

### אַן איי פאַר יעדער נשמה

ביי אונדז אין סקאַלע האָט זיך געפונען אַ ייד, וואָס מען האָט גערופן שמואל פויסיק. ער איז געווען אַ קלוגער ייד, נאָר נישט קיין גרויסער גביר. ער פלעג נעבעך עטלעכע חדשים אין יאָר מוזן אַריבערגיין קיין רוסלאַנד און דאָרט, לא עלינו, צונויפנעמען אַ פּאָר קערבלעך. איין מאָל איז ער געווען אויף פּסח אין קאַמעניץ, האָט ער זיך געשטעלט ביי אַ בעקער באַקן מצות. אַ געוויסן טאָג איז צוגעפאָרן צו דער בעקעריי אַ פור מיט אַ פּאָר שיינע פערד. קומט אַריין אין בעקעריי אַ ייד און האָט איינגעקויפט אַ היפּשע פּאַרציע מצות. מ׳האָט אים די מצות איינגעפּאַקט אין צוויי גרויסע קאַסטנס. איידער ער איז געגאַנגען אַהיימפאָרן, פרעגט ער דעם בעקער: ״אפשר קענט איר דאָ אַ יידן וואָס קאָן זיין אַ ״פּראַוואַדיטיעל״ ביים סדר? איך דאַרף ביים סדר אַ ״פּראַוואַדיטיעל״ (דאָס הייסט וואָס זאָל אים פירן דעם סדר); ער וועט ביי מיר האָבן אַ גוטן פּסח און איך וועל אים שיין באַפרידיקן. דעם שמואל פויסיק איז געפעלן דער ״שידוך״ און ער האָט געזאָגט, אַז ער איז גרייט צו פאָרן זיין אַ ״פּראַוואַדיטיעל״ ביים סדר. ער האָט זיך אַרויפגעזעצט מיט דעם ייד און איז אַהין געפאָרן.

זייענדיק אויפן פּלאַץ האָט מען אים אָפּגעגעבן כבוד ווי אַ רבין. עס איז געקומען אחרון של פּסח, זאָגט אים די פרוי: ״איך האָב געהערט אַז היינט מאַכט מען הזכרת־נשמות, נאָר איך קאָן נישט אויסרעכענען די נשמות״. האָט ער איר געענטפערט אַז פאַר יעדער נשמה דאַרף מען אַריינשלאָגן אַן איי אין די קעזלעך אַריין, און ״איך וועל אייך אויסרעכענען די נשמות״. זאָלט איר שוין גאַרנישט פרעגן וויפל אייער די פרוי האָט אַריינגעקלאַפּט אין די קעזלעך און ווי גוט די קעזלעך זענען געווען. דער בעל הבית איז געווען אַ ״קאַנטאַניסט״, וואָס מ׳האָט אים געכאַפּט אַלס קינד און ער האָט אָפּגעדינט 25 יאָר אין דער צאַרישער אַרמיי. דערנאָך פלעג מען אַזאַ איינעם געבן אַ שטיקל ערד מיט אַ באַלעבאַטישקייט נאָר פון יידישקייט האָבן די ״קאַנטאַניסטן״ ווייניק געוואוסט.

## דער דאקטאר און דער שטאט משוגענער

סקאלע האט שוין געהאט צוויי דאקטוירים, א צוויי צאן־טעכניקערס, לערערס, אוניווערסיטעט־סטודענטן וכדומה אינטעליגענץ. איינער פון די דאקטוירים איז געווען דר. זיידנער. ער האט שטודירט מעדיצין אין ווין און איז געווען ״פארדייטשט״. ער האט גערעדט דייטש און דייטשמעריש. ער האט געהאט א בערדל און געטראגן א צוויקער אויף א שווארצן בענדל. ער איז נישט געווען קיין זייער איבערגעשפיצטער (יעקע׳וואטע) און אביסל שלאבריק אין גאנג. האבן שטאטישע ליצנים אים גערופן ״שאיע משה״, אויפ׳ן נאמען פון שטאטישן שוטה. . .

מאכט זיך א מעשה, אז ס׳איז געשטארבן א פרומע גבאי׳טע, וואס פלעג זיך מרחם זיין אויף דעם אמת׳ן שאיע משה, אים גיבן אביסל געקעכץ, א העמד, אדער א פאר פרוטות.

טרעפט דער ״פאריתומ׳טער״ בערדיק־פארוואקסענער, אמת׳ער שאיע משה איינמאל דעם דאקטאר זיידנער אין גאס, שטעלט אים אפ און טוט א מאך: ״וואס האסטו געטאן? האסט זי פארשיקט אויפ׳ן בית עולם? זי גייט דאך דארטן אויס פון הונגער. זאג מיר כאטש, זאל איך איר ארויפטראגן א בולקע מיט א רעטאך אויפ׳ן כרת? ״ווי זי ווארלן״ - ענטפערט אים דאקטאר זיידנער - ״שאדעט ניכטס, עבן . . . עבן . . . ווידערזעהן״. . .

## דאס שטייער־אמט מוז אלץ וויסן

א סקאלער גאלאנטעריע־קרעמער האט געדארפט אפגעבן א דין וחשבון אין שטייער־אמט איבער זיינע הכנסות. דאס האט געהייסן א פאסיע. דער קרעמער האט געהייסן ר׳ יהודה הירש כהן. אזוי ווי די פאסיע האט געדארפט זיין געשריבן אויף פויליש און ר׳ יהודה הירש כהן איז נישט געווען שטארק באהאוונט אין דער פוילישער שפראך, האט ער זיך געווענדעט צו ר׳ מאטיע פייערשטיין, וואס איז געווען א ייד א קענער אויך אין פויליש און דייטש. זיין פרנסה איז באשטאנען פון אזעלכע שרייבערייען און ער איז אגב געווען זייער א קלוגער און האט ליב געהאט צו מאכן א שפאס. אין דעם דין וחשבון האט מען געדארפט ענטפערן אויף פארשיידענע פראגן וואס זענען געווען געדרוקט אינעם פארמולאר. צווישן די פארשיידענע פראגן וואס פייערשטיין האט געפרעגט ר׳ יהודה הירשן, האט ער אים כלאחר־יד א פרעג געטאן אויף פויליש: ״דא קטורעגא ראבינא פאן יעדזיע?״ דאס הייסט, צו וועלכן רבין פארט איר? ר׳ יהודה הירש איז געבליבן אויסער זיך, אז דאס שטייער־אמט וויל וויסן צו וועלכן רבין ער פארט, און אזוי ווי ער פלעגט פארן צום טשארטקאווער און א מאל צום הוראדענקער, האט ער אנגעהויבן הויך צו קלערן: זאל איך זאגן קיין טשארטקאוו? איך פאר דאך קיין הוראדענקע אויך? האט אים הער פייערשטיין אויפמערקזאם געמאכט, אז דא מוז מען זאגן דעם אמת, ווייל דאס גייט אין אן אמט אריין. האט זיך ר׳ יהודה הירש אנגערופן: ״שרייב זשע ״דא טשארטקאווא אי דא הוראדענקי ״ (קיין טשארטקאוו און קיין הוראדענקע).

## יעקב סופר

# א גאז־לאָמפּ און א נאפט־קוואל

איך געדענק גענוי דאס גרויסע חידוש און פארוואונדערונג אין סקאלע, ווען עס איז דארטן אוועקגעשטעלט און אנגעצונדען געווארן דער ערשטער גאז־לאמפ. א גרויסער לאמטערן מיט נעצלעך, וואס האט געשיינט און געבליצט מיט א גרינלעכן ליכט, ממש טאג־ליכט. דער דאזיקער גאז־לאמפ האט יעדן אוונט צוגעצויגן יונג און אלט. לכתחילה האט מען זיך גארנישט געקאנט אפוואונדערן פון דער וואזשנער דערפינדונג. געוועזן יידן, וואס האבן ביי דער שיין פון דעם בליץ־לאמפ אין גאס דווקא געלייענט זייער קארעספאנדענץ, אדער א פארעלטערט בלאט־ צייטונג, כדי צו זען ווי שטארק עס איז דאס ליכט און ווי גוט עס איז זייער ראייה פון די אויגן. פרומע יידן האבן ארום דעם לאמפ געקוקט צום הימל און מחדש געווען די לבנה. (עס איז עפעס לייכטער געווען צו טענצלען "שלום עליכם, עליכם שלום", סימן טוב ומזל טוב"...) פאר די ווייסע חברה־ניקעס איז דער בליץ־לאמפ געווען גאר א צוציאונג. מ׳האט ביי זיין שיין געקאנט שטיפן, זיך באָרען און ווייזן קונדסישע שטיק...

אבער דער גאז־לאמפ איז גארנישט קעגן דעם, וואס האט זיך אפגעטאן אין סקאלע, ווען עס האט זיך פארשפרייט א "בשורה טובה", אז די שטאט ווערט אויפגעריכט, באשר בכן: עס איז אנטדעקט געווארן א נאפט־קוואל. וויאזוי איז דער נאפט־קוואל אנטדעקט געווארן? איז די מעשה אזא: עס איז אויסגעבויערט געווארן א נייע קערניצע (א ברונים), האט זיך מיטאמאל ארויסגעוויזן אז דאס וואסער, וואס מען טרינקט פון דעם דאזיקן ברונים, פילט זיך פון נאפט. איז דאס א קלארער סימן, אז דארטן אונטן, אין דער טיפעניש, פליסט דער שווארצער "אוצר". אט קאן סקאלע ווערן א מין באריסלאוו, וואו עס פליסט "שווארץ גאלד". די פראגע איז בלויז צו וועמען געהערט דער אוצר און אונטער וועמעס באדן פליסט ער? אויב אפילו דער באדן געהערט צו דער שטאט, צו דער געמיינדע, וועט שוין יידן קיין פרנסה ־ און טאקע בהרחבה ־ סיי ווי סיי נישט פעלן. א קלייניקייט נאפט!

געוועזן אזעלכע, וואס האבן געטענה׳ט, אז אויב עס איז נישט קיין נאפט, איז געמאלט, אז דאס וואסער (וואס פילט זיך) איז ״מינעראל־וואסער״. און סקאלע וועט ווערן א קור־ארט, אזוי ווי טרוסקאוויעץ אדער גאר קארלסבאד. אט וועלדער זענען דא ארום? בערג אויך? אן אלטער שלאס אויך? א פארטיק קור־ארט! מוזיקאנטן פעלן אויך נישט. יצחק־יעקב מיט זיין קאפעליע וועלן מאכן פריילעך, און יידן (און נישט־יידן) פון נאענט און פון ווייט וועלן קומען און ברענגען אסך שפע אין שטאט אריין. זיי וועלן זיך קוויקן און קורירן זייערע שוואכע מאגענס מיט׳ן סקאלער ״מינעראל״־וואסער. מען וועט בלויז דארפן אויפבויען א פאר אכסניות, און רעסטאראציעס, אויפצונעמען די אורחים. אבער דאס איז שוין א קלייניקייט. פרנסה וועט זיין פאר אלעמען.

גיך, אבער, האט זיך פון דעם נאפט און ״מינעראל״־וואסער אויסגעלאזט א בוידעם. די מעשה איז געוועזן אזא: די סקאלער וואסער־פירערס, מיט זייערע פערדלעך און פעסער, וואס האבן געפירט וואסער פון קוואל צו די בעלי בתים, האבן דערזען אין די קערניצעס א ביטערן קאנקורענט, וואס וועט צונעמען פון זיי דאס ארימע שטיקל ברויט. האבן זיי זיך מיישב געוועזן, אז מען דארף פטור ווערן פון דעם אנשיקעניש, אזוי אז מען זאל דאס קערניצע־וואסער נישט קאנען טרינקען און נוצן. האבן זיי ביינאכט אריינגעגאסן אין ברונים אריין עטלעכע עמערס נאפט און פטור . . . די דאזיקע תחבולה פון די ארימע וואסער־פירערס האט זיך שפעטער קלאר ארויסגעוויזן און ־ סקאלע האט געלאכט... דעמאלט האט סקאלע נאך געקאנט לאכן, און עס איז געוועזן ווער עס זאל לאכן.

